

# ייִדישע

# פֿאָלקס-לידער



צונויפגעשטעלט
מ. בערעגאָווסקי
און אי. פעפער



אוקרמעלוכענאַצמינדפֿאַרלאַג





# אינטערנאציאָנאל

Štejt uf, ir a – le, ver vi škla – fn in

hun – ger le – bn muz un nojt! Der gajst, er koxt, er ruft cum

va – fn, in šlaxt undz fi – rn iz er grejt. Di

velt fun gvald haj – tn un lej – dn ce – šte – rn ve – ln mir, un

dan – fun fraj – hajt, glajx – hajt a ga – nej – dn ba – ša – fn

vet der ar – bets – man. — Dos iz šojn undz – zer

lec ter un ant – šej – de – ner štrajt, mit dem in – ter




שטייט אופ, איר אלע, ווער, ווי שקלאפנ,
אינ הונגער לעבנ מוז, אינ נויט!
דער גייַסט—ער קאָכט, ער רופט צומ וואפנ,
אינ שלאכט אונדז פירנ איז ער גרייט.

די וועלט פונ גוואלדהייַטנ אונ ליידנ
צעשטערנ וועלנ מיר, אונ דאנ—
פונ פרייַהייַט, גלייַכהייַט א גאנײדנ
באשאפנ וועט דער ארבעטס־מאנ.

דאָס איז שוינ אונדזער לעצטער
אונ אנטשיידענער שטרייַט.
מיט דעמ אינטערנאציאָנאל
שטייט אופ, איר ארבעטסלייַט.

ניינ, קיינער וועט אונדז ניט באפרייַענ—
ניט גאָט אליינ אונ ניט קיינ העלד,
מיט אונדזער אייגענעמ קלייזייַענ
א רעטונג ברענגענ מיר דער וועלט.

אראָפ דער יאָכ! גענוג געליטנ!
גענוג פארגאָסנ בלוט אונ שווייס!

צעפֿלאָזט דאָס פֿײַער, לאָמיר שמידן,
קאָלזמאַן דאָס אײַזן איז נאָך הײס!

דאָס איז שוין אונדזער לעצטער א. א. וו.

דער אַרבעטס־מאַן וועט זײַן מעמשאָלע
פֿאַרשפּרײטן אַף דער גאַנצער ערד,
און פּאַראַזיטן די מאַפּאָלע
באַקומען וועלן פֿון זײַן שווערד.

די גרויסע שטורעם־טעג — זיי וועלן
נאָר פֿאַר טיראַנען שרעקלעך זײַן,
זיי קאָנען אָבער ניט פֿאַרשטעלן
פֿאַר אונדז די העלע זונען־שײַן.

דאָס איז שוין אונדזער לעצטער א. א. וו.





# סלושײַ! ווער איז דאָ?
























סלושײַ! ווער איז דאָ?
איך, נעבעך, אָרעמער שוימער!
פארוואָגלט איז פון מיר די נאכט,
דער שלאָף ברעכט מיר מײַנע ביינער.
צי דען בין איך פון אײַזן געמאכט?

אלע באלעבאטים טוען אין די בעטן ליגן
און פארברענגען זיך אין פארגעניגן,
נאָר איך בין איינער אליין,
מײַן קישן איז א שטיין.

סלושײַ! ווער איז דאָ?



# זונטיק בולבע

*Allegretto*

Zun-tig buĺ-be, mon-tik buĺ-be, din-stik un mit-vox buĺ-be,
do-ner-štik un fraj-tik buĺ-be, ša-bes in a no-vi-ne a
buĺ-be ku-ge-le, zun-tik vaj-ter buĺ-be.

זונטיק בולבע, מאָנטיק בולבע,
דינסטיק אונ מיטוואָכ בולבע,
דאָנערשטיק אונ פרײַטיק בולבע,
שאבעס אינ א נאָוועגע א בולבע־קוגעלע,
זונטיק ווײַטער בולבע.

# אפ ברי

*Recitando*













אפ בּרי,
ס׳איז ניטאָ וואָס צו געבּן עסן דער קו,
דער זומער גייט אוועק,
און דער ווינטער קומט צוריק,
און קיין געלט איז אַלץ ניטאָ!

די שטיוול זײַנען צעריסן, אוי־אוי,
די קוטשמע איז צעשמיסן, אוי־אוי, אוי־אוי־אוי,
און קיין געלט איז אַלץ ניטאָ!

און דער דאַך איז צעקראַכן, אוי־אוי,
די ווענט זײַנען צעבראַכן, אוי־אוי, אוי־אוי־אוי,
און קײן געלט איז אַלץ ניטאָ!

די שטוב פֿאַלט אײַן, אוי־אוי,
דעם מעלאַמעד קומט נאָך פֿאַר יענעם זמאַן, אוי־אוי, אוי־אוי־אוי,
און קײן געלט איז אַלץ ניטאָ!

אינדרויסן ווערט שטאַרק קאַלט, אוי־אוי,
די קאַמער פֿון האָלץ איז רײן ווי גאָלד, אוי־אוי, אוי־אוי־אוי,
און קײן געלט איז אַלץ ניטאָ!

אינדרויסן ווערט גרויסע בלאָטעס, אוי־אוי,
די שטיוול זײַנען גאָלע לאַטעס, אוי־אוי, אוי־אוי־אוי,
און קײן געלט איז אַלץ ניטאָ!



# בין איך מיר א שנײַדערל
















בין איך מיר א שנײַדערל,
לעב איך מיר טאָג אויס — טאָג אײַן,
לוסטיק, פֿרײלעך, פֿײַן.

— זאָג מיר, שנײַדער, ליבינקער און גוטער,
גיט דיר די נאָדל גענוג אַף ברויט מיט פּוטער?
— איך מאַך אַ וואָך צוויי גילדן מיט אַ דרײַער,
איך עס נאָר ברויט, ווײַל פּוטער איז צו טײַער.

בין איך מיר א שוסטערל,
לעב איך מיר טאָג אויס — טאָג איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.

— זאָג מיר, שוסטער, האָסטו וואָס צו קייען?
פעלט דיר אויסעט, — קריגסטו ווו צו לייען?
— קיינער לייט נישט, קיינער גיט קיין אָרוועס,
איך בין א שוסטער, גיי איך טאקע באָרוועס.

בין איך מיר א קרעמערל,
לעב איך מיר טאָג אויס — טאָג איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.

— זאָג מיר, קרעמער, האָסטו מיט וואָס צו האנדלען?
האָסטו אין קרעמל ראָזשינקעס מיט מאנדלען?
— איך האָב אין קרעמל פאר צוויי גראָשן סכוירע,
איך שלעף דעם דאלעס און איך בענטש דעם בוירע.

בין איך מיר א בלעכערל,
קלאפ איך מיר טאָג אויס — טאָג איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.

— זאָג מיר, בלעכער, ווי גרויס איז בא דיר די נויט?
האָסטו בולקעס, האָסטו ניט קיין ברויט?
— איך זיץ און קלאפ בא יענעמ פרעמדע דעכער,
בא מיר אין שטוב רינט פון אלע לעכער.



## בין איך מיר א שנײַדערל

*Allegretto*

Bin ix mir a śnaj - de - rl, a no - dl kon ix nit
hal - tn in hant! Štel ix mir a - rojs a vi - ves - ke.
az ix pres ge - vant. Fregt. vos ken ix? Ti - dl - di - dl dam! Az ix
pres, far bren ix! Ti - dl - di - dl dam! Hot nit kejn fa - ri - bl,
hot nit kejn fa - ri - bl, ti - dl di - dl, di - dl - di - dl dam!

בין איך מיר א שנײַדערל,
א נאָדל קאָן איך ניט האלטן אין האנט!
שטעל איך מיר ארויס א װיװעסקע,
אז איך פרעס געװאנט.
פרעגט, װאָס קען איך?
טידל־דידל־דאם!
אז איך פרעס, פארברען איך,
טידל־דידל־דאם!
האָט ניט קײן פאריבל,
האָט ניט קײן פאריבל,
טידל־דידל, דידל־דידל־דאם.

בין איך מיר א שרײַבערל,
קיין פּענע קאָן איך ניט האלטן אין האנט!
שטעל איך מיר ארויס א וויוועסקע,
אז איך האָב טאלאנט.
פרעגט, וואָס שרײַב איך?
טידל־דידל־דאם!
פון זיך נאכעס קלײַב איך,
טידל־דידל־דאם!
האָט ניט קיין פּאריבל,
האָט ניט קיין פּאריבל,
טידל־דידל, דידל־דידל־דאם!

בין איך מיר א קלעזמערל,
קיין פידל קאָן איך ניט האלטן אין האנט!
שטעל איך מיר ארויס א וויוועסקע,
אז איך שפּיל באטאמט.
פרעגט, וואָס קען איך?
טידל־דידל־דאם!
שפּיל איך ניט, איז שענער,
טידל־דידל־דאם!
האָט ניט קיין פּאריבל,
האָט ניט קיין פּאריבל,
טידל־דידל, דידל־דידל־דאם!



# מיט א נאָדל

*Moderato.*

Mit a no‑dl, on a no‑dl, nej ix mir be‑ko‑ved go‑dl, mit a no‑dl, on a no‑dl, nej ix mir be‑ko‑ved go‑dl. *Fine*

Zi‑cn zic ix mir a fus af a fus, vajl majn ar‑bet iz cu‑ker zis. ——

*Da Capo al Fine*

מיט א נאָדל, אָן א נאָדל,
ניי איך מיר בעקאָוועד גאָדל.
מיט א נאָדל, אָן א נאָדל,
ניי איך מיר בעקאָוועד גאָדל.

זיצן זיץ איך מיר א פוס אפ א פוס,
ווײַל מײַנ ארבעט איז צוקער־זיס.
מיט א נאָדל א.א.וו.

איך ניי און ניי א גאנצע וואָכ,
און ניי מיר אויס א פאריזשער לאָכ.
מיט א נאָדל א.א.וו.

ציִען צי איך מיר די פארסטריגע,
און איך עס מיר די מאמעליגע.
מיט א נאָדל א.א.וו.

שאבעס גיי איך ארויס, ווי אינ פּאָסעק שטייט,
אינ די אייגענע בּגאָדימ, וואָס כ׳האָב אליינ גענייט.
מיט א נאָדל א.א.וו.



# זיצט א שנײַדער




זיצט א שנײַדער א פוס איבער א פוס,
זינגט א לידעלע צוקער־זיס.

שטיי איך מיר בא דער טיר,
פאָרט צו מיר א סקארבאָווע פור.

פרעג איך איר: „ווי־זשע פאָרסטו?"
זאָגט זי: „טאקע צו דיר".

פון דעם פרעסל, פון דעם שערל,
טו איך אָן מײַן ווײַב א האלדז פערל.

# כ'האָב דיר געזאָגט

*Moderato*

X'hob dir ge_zogt un ge_zogt, un ge_zogt, un zog dir nox ad_

hej_ne, un zog dir nox ad_hej_ne, az du vest ne_men a

šnaj_der far a man, ve_stu ho_bn cu klo-gn un cu vej_nen.

כ'האָב דיר געזאָגט, אונ געזאָגט, אונ געזאָגט,
אונ זאָג דיר נאָכ אדהיינע,
אז דו וועסט נעמענ א שנײַדער פאר א מאנ,
וועסטו האָבנ צו קלאָגנ אונ צו וויינענ.

וואָס פארמאָגט א שנײַדער־יונג?
א נאָדל מיט א פינגערהוט;
אונ אזויווי דו גייסט פונ אונטער דער כופּע אפּער,
שרײַט דאָס ווײַב: כ'בינ הונגעריק!



# אײַ, מײַנ מאנ

*Andante non molto*

A — — aj, majn man,
vos vet zajn mi-kö-jex bu-re-kes!
Aj, aj, aj, aj, aj,
aj, aj, aj, aj! Aj, aj, aj, aj, aj, aj, aj, aj, aj, aj, aj.
Her, majn vajb, biz pej-sax iz nox draj vo-xn,
bu-re-kes ve-ln mir la-jen bam šo-xn,
un kejn gelt iz alc ni-to, un kejn gelt iz alc ni-to.

אײַ, מײַנ מאנ, וואָס וועט זײַנ מיקויעכ בורעקעס?
— הער, מײַנ ווײַב, ביז פּייסעכ איז נאָכ דרײַ וואָכנ,
בורעקעס וועלנ מיר לײַענ באם שאָכנ,
אונ קײנ געלט איז אלצ ניטאָ!

אײַ, מײַן מאַן, וואָס וועט זײַן מיקויעכ מאַצע־מעל?
— הער, מײַן ווײַב, גײ אינ קעלער,
נעמ די צינערנע טעלער
אונ פאַרמאַשקנ באַמ מעלער,
אונ קײנ געלט איז אַלצ ניטאָ!

אײַ, מײַן מאַן, וואָס וועט זײַן מיקויעכ שיכ?
— הער, מײַן ווײַב, ניט האָב קײנ פאַריבל,
איכ האָב אַלײנ קײנ פּיצל שטיוול,
אונ קײנ געלט איז אַלצ ניטאָ!



# אָט אזוי נייט א שנײַדער

*Allegretto con moto*

Ot a _ zoj nejt a šnaj _ der, ot a _ zoj nejt er dox,

*Fine*

ot a _ zoj nejt a šnaj _ der, ot a _ zoj nejt er dox.

*Da Capo al Fine*

Nejt un nejt a gan _ ce vox, far _ dint a gi _ ln mit a lox.

אָט אזוי נייט א שנײַדער,
אָט אזוי נייט ער דאָך.
נייט און נייט א גאנצע וואָך,
פארדינט א גילן מיט א לאָך.

אָט אזוי נייט א שנײַדער,
אָט אזוי נייט ער דאָך.
אז די מאמע וואָלט עס וויסן,
ווי איך ליג דאָ אָן א קישן.

אָט אזוי נייט א שנײַדער,
אָט אזוי נייט ער דאָך.
אז דער שאבעס וועט דאָך קומען,
וועט 'די ווײַב זיך ווײַטער קרימען.

אָט אזוי נייט א שנײַדער
אָט אזוי נייט ער דאָך.



# דירע־געלט

*Allegro*

Di – re - gelt un oj, oj, oj, di – re-gelt un bo – že moj,

di – re - gelt un gra – do – voj, di – re – gelt muz men co – ln.

Kumt a – rajn der struž, nemt er a – rop dos hi – tl, un

az me colt kejn di – re - gelt, hengt er a – rojs a kvi – tl.

Di – re gelt un oj, oj, oj, di – re - gelt un bo – že moj,

di – re - gelt un gra – do – voj, di – re gelt muz men co – ln.

דירע־געלט און אוי־אוי־אוי!  
דירע־געלט און באָזשע מוי!  
דירע־געלט און גראַדאָווױ,  
דירע־געלט מוז מען צאָלן!

קומט אריַין דער סטרוזש,
נעמט ער אראָפּ דאָס היטל;
און אז מע צאָלט קיין דירע־געלט,
הענגט ער ארויס א קוויטל.
דירע־געלט א.א.וו.

קומט אריַין דער באַלעבאָס
מיט דעם גראָבן שטעקן;
און אז מע גיט אים קיין דירע־געלט,
שטעלט ער ארויס די בעטן.
דירע־געלט א.א.וו.

— פארוואָס זאָל איך איַיך געבן דירע־געלט,
אז די קיך איז צעבראָכן?
פארוואָס זאָל איך איַיך געבן דירע־געלט,
אז איך האָב נישט אף וואָס צו קאָכן?
דירע־געלט א.א.וו.



# א וואָלעכל

*Andante con fuoco*

A vo-le-xl lo-mir zin-gen, a vo-le-xl lo-mir šra-jen,
a vo-le-xl lo-mir zin-gen, lo-mir šra-jen.
lo-mir šra-jen. A gan-ce vox ho-re-vet men dox, af
ša-bes darf men la-jen, a ša-bes darf men la-jen.

א וואָלעכל לאָמיר זינגענ,
א וואָלעכל לאָמיר שרײַענ,
א וואָלעכל לאָמיר זינגענ,
לאָמיר שרײַענ!
א גאנצע וואָכ
האָרעוועט מענ דאָכ, —
אפֿ שאבעס דארפ מענ לײַענ!



# כ׳האָב דיר געזאָגט

*Moderato*

X'hob dir ge - zogt un ge - zogt un ge - zogt, az a
vo - le - xl darf men šra - jen, az a vo - le - xl darf men
šra - jen, a gan - ce vox ho - re - vet men dox un af
1 ša - bes darf men la - jen, a 2 ša - bes darf men la - jen.

כ׳האָב דיר געזאָגט, אונ געזאָגט, אונ געזאָגט,
אז א וואָלעכל דארפ מענ שרײַענ;
א גאנצע וואָך האָרעוועט מענ דאָך,
אונ אפ שאבעס דארפ מענ לײַענ.

כ׳האָב דיר געזאָגט, אונ געזאָגט, אונ געזאָגט,
אז א וואָלעכל דארפ מענ באזאָרגנ;
א גאנצע וואָך האָרעוועט מענ דאָך,
אונ אפ שאבעס דארפ מענ באָרגנ.

כ'האָב דיר געזאָגט, און געזאָגט, און געזאָגט,
אז א וואָלעכל דארפ מענ שרײַענ;
טאָ לאָמיר נעמענ צו ביסעלעכ מאשקע,
און לאָמיר מאכנ לעכאיֵמ!



# דו וועסט זײַן א גוויר, מײַן זשאמעלע

*Lento*

Du vest zajn a gvir, majn Ža - me - le, fleg mir
zin - gen ba majn vi - ge - le a - le naxt a - mol majn
ma - me - le, ix ge - denk nox hajnt ir ni - ge - le.

דו וועסט זײַן א גוויר, מײַן זשאמעלע, —
פלעג מיר זינגען בא מײַן וויגעלע
אלע נאכט אמאָל מײַן מאמעלע,
איך געדענק נאָך הײַנט איר ניגעלע.

אונ מעקויעם איז געוואָרן מיר
די האפטאָכע פון מײַן מאמעלע, —
ווער האָט נאָך געזען אזא געוויר,
אזא אוישער ווי איִך, זשאמעלע?

שלאָפֿן שלאָף איך אין אַ קערבעלע,
מאַך אַ מויצע אין אַ סקאָרינקע,
און לעכאַיִם אין אַ שערבעלע,
פֿול מיט ברונעם־וואַסער קלאָרינקע.

און די קינדער און דאָס ווײַבעלע
זײַנען אויסגעפּוצט אַנטיקעלע:
דורך איין אָנעטשעס דאָס לײַבעלע,
און פֿאַרגאַרטלט מיט אַ שטריקעלע.



# די באלעבאָסטע גייט ארײַנ

*Allegro*

Di ba-le-bo-ste gejt a-rajn, hop du-naj,
dü-naj, xev-re, xev-re, štil zol zajn, hop du naj, du-naj.

די באלעבאָסטע גייט ארײַנ, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, שטיל זאָל זײַנ, האָפּ דונײַ, דונײַ!

די באלעבאָסטע שטייט אונ קוקט, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, ארבעט גוט, האָפּ דונײַ, דונײַ!

די באלעבאָסטע שטייט אינ קיכ, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, ווארפט מיט שטעכ, האָפּ דונײַ, דונײַ!

די באלעבאָסטע שטייט אינ זאל, האָפּ דונײַ, דונײַ,
ס'ווערט אינ איר צעזעצט די גאל, האָפּ דונײַ, דונײַ!

די באלעבאָסטע שטייט אפ דער טיר, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע א מאקע איר, האָפּ דונײַ, דונײַ!

די באלעבאָסטע שטייט אפ דער שוועל, האָפּ דונײַ, דונײַ,
ס'זאָל פונ איר ווערנ א טעל, האָפּ דונײַ, דונײַ!

די באלעבאָסטע גייט ארויס, האָפּ דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, לאכט זי אויס, האָפּ דונײַ, דונײַ!

די באלעבאָסטע קויפט סכוירע, האָפּ דונײַ, דונײַ,
ס'זאָל איר זײַנ מאקעס בכוירעס, האָפּ דונײַ, דונײַ!



# לײַטישע מאזאָלעס

*Andante*

Laj ti - še ma - zo - les tu - en a - fn va - ser švi-men, ix
zux majn ma zl un kon nit ge - fi nen, ox un vej, vi
bi - ter iz mir, in a frem - dn land ba a frem - dn tiš

לײַטישע מאזאָלעס טוענ אפנ וואסער שווימענ,
איך זוך מײַנ מאזל אונ קאָנ ניט געפינענ.
אָך אונ וויי, ווי ביטער איז מיר
אינ א פרעמדנ לאנד, בא א פרעמדנ טיש!

מײַנ באלעבאָסטע זאָגט: „עס, ניט שעמ זיך!“
אונ אינ הארצנ טראכט זי: „צומ ברויט ניט נעמ זיך!“.
אָך אונ וויי, ווי ביטער איז מיר
אינ א פרעמדנ לאנד, בא א פרעמדנ טיש!

אונ אז מײַנ מוטער זאָל דאָס וויסנ,
אז איך שלאָפ דאָ גאָר אָנ א קישנ.
אָך אונ וויי, ווי ביטער איז מיר
אינ א פרעמדנ לאנד, בא א פרעמדנ טיש!

# איכ זאָג דער באלעבאָסטע

***Moderato***

Ix zog der ba-le-bo-ste: git mir e-pes e-sn. Zi
drejt zix, zi drejt zix, zi mejnt, ix vel far-ge-sn. Oj,
gvald cu šra-jen, oj. vej cu maj-ne jo-rn, cu
vos hob ix ge darft fun der hejm a-vek-cu-fo-rn.

איכ זאָג דער באלעבאָסטע:
— גיט מיר עפּעס עסנ!
זי דרייט זיכ, זי דרייט זיכ,
זי מיינט, איכ וועל פארגעסנ.

אוי, גוואלד צו שרײַענ, אוי, ווײ צו מײַנע יאָרנ,
צו וואָס האָב איכ געדארפט פונ דער היימ אוועקצופאָרנ.

איכ זאָג דער באלעבאָסטע:
— גיט מיר כאָטש טייגלעכ!
זי דרייט זיכ, זי דרייט זיכ,
זי מאכט זיכ אביסל טויבלעכ.

אוי, גוואלד צו שרײַענ א.א.וו.

די באַלאַבאָסטע זאָגט מיר:
— עס, מײַן קינד, צו זאַט!
און אין האַרצן טראַכט זי:
— ער פֿרעסט ווי אַ סאָלדאַט.

אױ, גוואַלד צו שרײַען א.א.וו.



# אײַן שניי, מאמע













אײַן שניי, מאמע, אײַן שניי, מוטער,
אײַן שניי, מאמע, מיט אײַן רעגן.
און מײַן מאמע האָט מיך אויסגעכאָוועט,
אוי, פון דעם שנײַדערס וועגן!

דער שנײַדער שעלט און באַגראָבט,
און מע מוז דאָס אַלעס צו לײַדן,
און מײַן מאמע האָט מיך אויסגעכאָוועט
פון דעם שנײַדערס וועגן!

אז איך קום האַלב זעקס אזייגער,
אוי, זאָגט דער שנײַדער, ס'איז גוט,

און אַז איך קום, אוי, צען מינוט שפּעטער,
צאַפּט ער מיר מײַן בלוט.

אוי ווי, מאַמע, אוי ווי, מוטער,
איך גיי דורך אין מאַרק,
כ׳וויל זיך עפּעס קויפן,
טוט אַ קלונג דער זוואָנאָק,
מוז מען גיכער לויפן!



# א גאנצע וואָכ

*Moderato*

A gan_ce vox, a gan_ce vox zic ıx af majn
koi_ke, dem ej_nem tog ša_bes far_kem ix zıx majn poike. x'far_
kem zix mir majn poi_ke un lejg mir ojs di hor, un gıb ajn kuk in
špi_ge_le, ni_to cu mir kejn por. Ix gej a_rojs in drojsn un
gej a_rajn in štub, majn ma_me tut mix šel_tn: „Zolst ho_bn a_zoj_ne
vel_tn" Aj, co_res, ma_me, co_res, se maxt ba mir nit
ojs, a_bi me zogt mir „Ma_nič_ke, no ńe bes_po_kojs"

א גאנצע וואָכ, א גאנצע וואָכ
זיצ איכ אפ מײַנ קאָלקע,
דעמ אײנעמ טאָג שאבעס
פֿארקעמ איכ זיכ מײַנ פּאָלקע.

כ׳פארקעמ זיך מיר מײַנ פּאָלקע
אונ לײג מיר אויס די האָר,
אונ גיב א קוק אינ שפּיגעלע —
ניטאָ צו מיר קײנ פּאָר.

איך גײ ארויס אינדרויסנ,
אונ גײ ארײַנ אינ שטוב —
מײַנ מאמע טוט מיך שעלטנ:
„זאָלסט האָבנ אזוינע װעלטנ!"

אײַ, צאָרעס, מאמע, צאָרעס,
סע מאכט בא מיר ניט אויס,
אבי מע זאָגט מיר: „מאניטשקע,
נאָ ניע בעספּאָקויס".



## אינדרויסנ גייט א דראָבנינקער רעגנ

*Lento*

In droj - sn gejt a drob - nin - ker
re - gn, aj, di vol - ke - nes, zej ha - bn zix far - šprejt;
cajt ix hob nor di be - ke - raj der -
kent, a - zoj hot dos mir dem kop far - drejt

אינדרויסנ גייט א דראָבנינקער רעגנ,
איַ, די וואָלקענעס, זיי האָבנ זיכ פארשפרייט;
צייַט איכ האָב נאָר די בעקעריַ דערקענט,
אזוי האָט עס מיר דעמ קאָפ פארדרייט.

א מיל, אז זי מאָלט, מאָלט זי קעסיידער,
אוי, זי מאָלט אלצ מיט א ציל;
קוקט נאָר אראָפ צו דעמ בעקער אינ די בעקעריַ,
עס דרייט זיכ אזויווי אינ א מיל.

א מיל מאָלט, מאָלט זי קעסיידער,
איר אָפּשטעל איז אויכ פאראנענ איינ מינוט;
קוקט נאָר אָנ דאָס קלענסטע בעקער־ייִנגל,
צי ער האָט אינ זיכ א טראָפנ בלוט.

דער בעקער מיט דער בעקערן, זיי קומען אין די בעקערײַ
לויט זייער רײַכטונג און לויט זייער שטייגער;
זי גייט אָנגעטאָן א פּאָר בריליאַנטענע אויעררינג,
און דער בעקער־מײַסטער אין א גאָלדענעם זייגער.

זיי נעמען אין די הענט אריין צו באַקוקן די בייגל,
צי זיי זײַנען נישט גרויס, צי זיי זײַנען נישט קליין:
— הער נאָר צו, דו בייגל מאכער,
דו מעגסט שוין פון דער ארבעט גיין!

דער בייגל־מאכער, ער טוט זיך פאַרענטפערן,
אַז די פלאכטלעך זײַנען געווען גראָב;
דער בעקער, דער מערדער, ער כאַפּט א שטיק האָלץ,
און צעהאַקט דעם פלאכטל־מאכער דעם קאָפּ.

דער אויוון־מעשאָרעס, ער שטייט בא דעם אויוון,
די בייגל זײַנען אביסל פאַרברענט.
— הער נאָר צו, דו אויוון־מעשאָרעס,
דו ביסט שוין פון דער ארבעט פרעמד!

דער אויוון־מעשאָרעס ער טוט זיך פאַרענטפערן:
— כ׳בין געווען די נאַכט מיד.
דער בעקער־מײַסטער, דער מערדער, ער גיט אים אַן ענטפער:
— פאַר מײַן סטאָלבן קענסטו שטאַרבן אין גרוב!

וועלכער ארבעטער קאָן שוין גוט זײַן,
און וועלכער קאָן שוין פאַר דעם בעקער טויגן!
דעמלט, ווען ער קריגט שוין א פּאָר קרומע פיס
און דערצו א פּאָר בלינדע אויגן.



# אוי, אונדזערע יאָרעלעכ

*Andante*

Oj, un - dze - re jo - re - lex ge - jen undz a - ve - ek mit hic un mit ——— rojx, oj, oj. Git nor a kuk, vi a jid fun zex - cik jor, er hot šojn, oj, mejn fun undz ko - jex, ko - jex

אוי, אונדזערע יאָרעלעכ גייענ אונדז אוועק
מיט היצ אונ מיט רויכ — אוי, אוי,
גיט נאָר א קוק, ווי א ייִד פונ זעכציק יאָר,
ער האָט שוינ, אוי, מיינ פונ אונדז קויעכ.

אזויווי א מיל, וואס זי ארבעט קעסיידער,
האָט זי בא גאָט אנ אָפשטאנד — אוי, אוי,

שאבּעס פארנאכט, ווי מע זעט נאָך ניט קיין שטערן,
מיר האַלטן שוין דאָס פֿיַער אין דער האַנט.

אוי, זומער אין די היצן און ווינטער אין די קעלטן,
אוי, סײַ בּאַטאָג און סײַ בּאַנאַכט — אוי, אוי!
פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן דער, דאָזיקער מענטש,
וואָס ער האָט דאָס בּעקערײַ אויסגעטראַכט!



# זאָל איכ זײַנ א ראָוו

*Moderato*

Zol ix zajn a rov, kon ix nit kejn toj – re,
zol ix zajn a soj – xer, hob ix nit kejn sxoj – re.
Un kejn hej hob ix nit, un kejn ho–ber hob ix nit, un di vajb šelt zix,
a trunk bron – fn vilt zix, ze ix mir a štejn, zic ix mir un vejn.

זאָל איכ זײַנ א ראָוו,
קאָנ איכ נישט קיינ טוירע,
זאָל איכ זײַנ א סויכער,
האָב איכ נישט קיינ סכוירע.

און קיינ היי האָב איכ נישט,
און קיינ האָבער האָב איכ נישט,
און די ווײַב שעלט זיכ,
א טרונק בראָנפנ ווילט זיכ;
זע איכ מיר א שטיינ,
זיצ איכ מיר און וויינ.

זאָל איך זײַן א שויכעט,
האָב איך נישט קיין כאַלעף,
זאָל איך זײַן א מעלאמעד,
קאָן איך נישט קיין אַלעף.

און די פערד גייען נישט,
און די רעדער דרייען נישט,
און די ווײַב שעלט זיך,
א טרונק בראָנפן ווילט זיך;
זע איך מיר א שטיין,
זיץ איך מיר און וויין.

זאָל איך זײַן א קאָוועל,
האָב איך ניט קיין קאָוואדלע,
זאָל איך זײַן א שענקער,
איז מײַן ווײַב א פאדלע.

און קיין היי האָב איך נישט,
און קיין האָבער קויף איך נישט,
און די ווײַב שעלט זיך,
א טרונק בראָנפן ווילט זיך;
זע איך מיר א שטיין,
זיץ איך מיר און וויין.

# איך האָב שוין געוואָלט

*Moderato*

Ix hob šojn ge - volt a po - se - ser zajn,
hob ix nit kejn erd, x'hob šojn ge - volt a ba - le - go - le zajn,
hob ix nit kejn ferd. Du vis - ter ba - le - go - le, vos
ho - re - ve - stu on an ek, du špilst zix ojs di groj - se
ro - le mit der bajč šmaj - stu a - vek.
Un di re - der dre - jen nit, un di ferd ge - jen nit,
un di aks brent, un bam har - cn klemt.

איך האָב שוין געוואָלט א פּאָסעסער זײַן,
האָב איך ניט קיין ערד,
כ'האָב שוין געוואָלט א באַלעגאָלע זײַן,
האָב איך ניט קיין פערד.

דו וויסטער באַלעגאָלע,
וואָס האָרעוועסטו אָן אַן עק,
דו שפּילסט זיך אויס די גרויסע ראָלע,
מיט דער בײַטש שמײַסטו אוועק.

האָב איך געוואָלט א פּראָצענטניק זײַן,
האָב איך ניט קיין מייעס,
האָב איך געוואָלט א באַלעגאָלע זײַן,
האָב איך ניט קיין שלייעס.

דו וויסטער באַלעגאָלע א.א.וו.

האָב איך געוואָלט א מעלאמעד זײַן,
קאָן איך ניט קיין טײַטש,
האָב איך געוואָלט א באַלעגאָלע זײַן,
האָב איך ניט קיין בײַטש.

דו וויסטער באַלעגאָלע א.א.וו.

און די רעדער דרייען ניט,
און די פערד גייען ניט,
און די אקס ברענט,
און באַם הארצן קלעמט.

דו וויסטער באַלעגאָלע א.א.וו.

# איך בין א באלעגאָלע

*Allegro moderato*

Ix bin a ba – le – go – le un ix ar – bet on an

ek, ix špil mir op majn klej – ne ro – le un ix for a –

vek. A – vek – ge – fo – rn, a – vek- ge – fo – rn, a fu – le bojd ga –

no – vim. Ej ner šrajt „For šojn gi – xer, m'vet undz nox on –

jo – gn," Der an – de – rer šrajt: „For šojn gi – xer, s'hejbt šojn on cu

to – gn" Vjo, vjo, vjo, vjo, vjo!

איך בין א באלעגאָלע
און איך ארבעט אָנ אנ עק,
איך שפּיל מיר אָפּ מײַנ קלײנע ראָלע,
און איך פאָר אוועק.
אוועקגעפאָרנ, אוועקגעפאָרנ
א פולע בויד גאנאָווים.

איינער שרײַט: „פֿאָר שוין גיכער,
מ'וועט אונדז נאָך אָניאָגן!"
דער אנדערער שרײַט: „פֿאָר שוין גיכער,
עס הייבט שוין אָן צו טאָגן!".
וויאָ, וויאָ, וויאָ, וויאָ, וויאָ!

איך בין א באַלעגאָלע
און איך ארבעט אָן א עק,
איך שפּיל מיר אָפּ מײַן קליינע ראָלע,
און איך פֿאָר אוועק.
אוועקגעפֿאָרן, אוועקגעפֿאָרן
א פֿולע בויד מיט ווײַבער.
זיי גרײַגערן, זיי גרײַגערן,
א רוען צו זייערע לײַבער!
וויאָ, וויאָ, וויאָ, וויאָ, וויאָ!



# האמאוודיל ביינ־קוידעשלעכויל

*Andante*

Ha-mav-dil bejn koj-deš le-xojl, vos tut men, es
gejt gor nit vojl, za-rej-nu fa-ran, ve-xas-pej-nu a ni, dos
šti-kl brojt kumt on mit mi. Gut' vox,
gut' vox, a gu-te vox, a gu-te vox,
gut' vox, gut' vox, a gu-te vox, a gu-te vox.

האמאוודיל ביינ קוידעש לעכויל —
וואָס טוט מענ, עס גייט גאָר ניט וויל?
זאריינו — פאראנ, וועכאספּיינו — א ני,
דאָס שטיקל ברויט קומט אָנ מיט מי.

גוט זואָכ, גוט וואָכ,
א גוטע וואָכ, א גוטע וואָכ!
גוט וואָכ, גוט וואָכ,
א גוטע וואָכ, א גוטע וואָכ!

יוים פּאָנאָ, דער שאַבּעס אוועק,
אזויווי א שאָטנ פונ בּוימ;
פונ אלע שפּײַזנ ניט געבּליבּנ קיינ זוימ,
אונ בּאלד, אוי, ווײ אונ אָכ,
מאָרגנ קומט די גליקלעכע וואָכ.

גוט וואָכ א.אז.וו.

מאָרגנ דארפ מענ גיינ אינ קלייט —
בּיטער, בּיטער ווי דער טויט,
זיצנ אפנ גאנעק, ווי א צוגעבּונדענער הונט,
אונ שרײַענ: טאמ מאלי פונט!

גוט וואָכ א.אז.וו.



# האמאוודיל, ביינ קוידעש

*Moderato*





















האמאוודיל בײַנ קוידעש, בײַנ קוידעש לעכויל,
כאַטויסײַנו הו ייִמכויל,
זאַרײַנו וועכאַספײַנו יארבע קאַכויל,
וועכאַקויכאָווים באַלײַלאָ.

צינדט אָנ די האוודאָלע,
די לאַנגע, די שמאָלע,
פאַקט אָנ די קעשענעס אפ א פולער וואָכ;
אז מע לײגט ניט ארײַנ טאַקע,
נעמט מענ ארויס א מאַקע,
דאָס האָב איכ א סימענ פונ פאָריקער וואָכ.

האמאוודיל א.א.וו.

מע דארפ צאָלנ דעמ גוויר
כויוועס אָנ א שיר,
עס מוז אלעס ווערנ ארײַנגעבראַכט;
אונ דאָ, טאַטע געטרײַער,
איז אפילע ניטאָ קײנ דרײַער,
כאָטש קוילעט מיכ אוועק אינמיטנ דער נאַכט.

האמאוודיל א.א.וו.



# אינדרויסנ איז פינצטער

*Allegretto*

In droj - sn iz finc - ter, in droj - sn iz xmar - ne,
un se vet bald gejn a šnej, a šnej... A -
zoj zaj - nen a - vek - ge - gan-gen a - le maj - ne jun - ge jo - rn,
zi - cn - dik šten-dik bam ge - nej, bam ge - nej, a nej.

אינדרויסנ איז פינצטער, אינדרויסנ איז כמארנע,
אונ סע וועט בּאלד גיינ א שניי, א שניי...
אזוי זײַנענ אוועקגעגאנגענ אלע מײַנע יונגע יאָרנ,
זיצנדיק שטענדיק בּאמ געניי, בּאמ געניי.

האָדי שוינ צו וויינענ, האָדי שוינ צו קלאָגנ,
דו וועסט מאכנ אפ דײַנ ארבּעט א פלעק, א פלעק...
אָט בּאלד וועט ארײַנגיינ דער מײַסטער, דער מערדער
אונ טרײַבּט אונדז אלע פונדאנענ אוועק!..

די מאשינענ גייענ אונ די רעדער דרייענ,
אונ אינ צימער איז הייס, איז הייס...
אזוי זײַנענ אוועקגעגאנגענ אונדזערע יונגע יאָרנ
מיטנ בּלוטיקנ שווייס, אוי, וויי, שווייס!..

זײַנע קינדער גוליאיענ, זיי לייענענ דאָרט גאזעטנ,
זיי זאָגנ — שאָקאָלאד איז זיס, איז זיס...
זאָלנ זיי פארזוכנ דעמ טאמ פונ דער ארבעט,
צו אויסשטיינ א טאָג אפ די פיס, אפ די פיס.

וויאזוי זאָלנ מיר ניט מעקאנע זײַנ דעמ באלעבאָס אליינ,
וויאזוי ער לעבט זיכ אויס זײַנע יאָרנ בארוט?
ער זיצט, אינ טראקטיר, אונ טרינקט א פלעשל ביר,
אונ ס'צאפט זיכ אונדזער בלוט, אונדזער בלוט.



# הייב איכ מיכ אופ













הייב איכ מיכ אופ,
עס איז שוינ זעקס דער זייגער;
גיב איכ א קוק אינ שפּיגעלע:
דאָס פּאָנעמ איז ווי א פּייגער!
אכ, דו ליבער גאָט,
זאָג־זשע שוינ אליינ:
צי האָב איכ קיינ אנדער האָפענונג,
נאָר א שניידערנ צו זיינ!

הייב איכ מיכ אופ,
דער האָנ גיט א קריי;
דאָס הארצ איז מיר טרוקנ,
ס'איז ניטאָ קיינ גלעזל טיי!
אכ, דו ליבער גאָט א.א.וו.

גיי איך צו דער ארבעט
נישט מיט גרויס אכאָטע;
קום איך אריין אין ווארשטאט,
מאכט מען מיך צו בלאָטע.
אך, דו ליבער גאָט א.א.וו.

נעם איך מיך צו דער ארבעט,
די מאדאם ליגט נאָך אין בעט;
גיט זי א געשריי:
וואָס קומסטו אזוי שפעט!
אך, דו ליבער גאָט א.א.וו.

איך ארבעט אָפ דעם ווינטער,
דאָס פּאָנעם איז מיר כוישעך;
גיי געלט מאָנען,
זאָגט מען צו אפ פּייסעך.
אך, דו ליבער גאָט א.א.וו.

קומט מיין מאמע נאָך געלט,
שטייט זי בא דער טיר,
גיט מען א געשריי:
ניטאָ קיין געלט פאר איר!
אך, דו ליבער גאָט א.א.וו.



# איידער איך לייג מיך שלאָפן

*Andante*

Ej – der ix lejg mix šlo – fn, darf ix šojn uf –
štejn, mit maj – ne kran – ke bej – ner cu der ar – bet gejn.
Cu got vel ix vej – nen mit a grojs ge – vejn, cu
vos ix bin ge – boj – rn a nej – te – rn cu zajn, zajn.

איידער איך לייג מיך שלאָפן,
דארף איך שוין אופשטיין,
מיט מײַנע קראנקע ביינער
צו דער ארבעט גיין.

צו גאָט וועל איך וויינען
מיט א גרויס געוויין:
צו וואָס איך בין געבוירן
א נייטערן צו זײַן!

כ׳קום שפּעט צו דער אַרבעט,
ס׳איז ווײַט דער וועג,
שלאָגט מען מיר אָפּ
פאַר האַלבע טעג.
צו גאָט א.א.וו.

נאָדלען ווערן צעבראָכן,
פּופּצן אַ מינוט,
די פינגער ווערן צעשטאָכן,
ס׳רינט פון אונדז דאָס בלוט.
צו גאָט א.א.וו.

קיין שום אַרבעט איז אַזוי נישט שלעכט,
ס׳קאָן אַזוי ניט שאַטן,
נאָר פון אונדזער שווערער אַרבעט
קריגן מיר רעמאַטן.
צו גאָט א.א.וו.

איך לײַד שטענדיק הונגער,
כ׳האָב נישט וואָס צו עסן,
ווײַל איך געלט בעטן,
הייסט מען מיר פאַרגעסן.

צו גאָט וועל איך וויינען,
מיט אַ גרויס געוויין:
צו וואָס איך בין געבוירן
אַ נייטערן צו זײַן!



# זאריצקי האָט צען קינדער

*Moderato*

Za _ ric _ ki hot cen kin _ der, cen kin _ der, un
mir dar _ fn ho _ re _ ven af je _ de _ rn ba _ zun _ der. Oj, vej, vind, dos
bes _ te kind, az s'kumt in fab _ rik a _ rajn, iz's er _ ger vi a hunt.

זאריצקי האָט
צען קינדער, צען קינדער,
און מיר דארפֿן האָרעווען
אף יעדערן באַזונדער.

אוי, וויי, ווינד,
דאָס בעסטע קינד,
אז ס'קומט נאָר אין פֿאבריק אריַין,
איז'ס ערגער ווי א הונט.

# טאָג אזויווי נאכט

*Andantino*

Tog a – zoj – vi naxt un naxt a – zoj – vi tog, un
ne-jen, un ne – jen, un ne – jen, un ne – jen, un ne – jen, un
ne – jen. Helf mir šojn, go – te – ńu, majn šej – ner zol šojn ku men un
fun der ar – bet zol ix a – vek ge – jen, ge – jen.

טאָג אזויווי נאכט און נאכט אזויווי טאָג,
און נייען, און נייען, און נייען!
העלף מיר שוין, גאָטעניו, מײַן שיינער זאָל שוין קומען
און פון דער ארבעט זאָל איך אוועקגיין!

נאָכאמאָל גענייט און ווידעראמאָל גענייט,
גענייט, און גענייט, און געשטאָכן!
אוי, דו זיסער גאָטעניו, דו ווייסט דאָך דעם עמעס,
אז מײַנע ביינער זײַנען מיר צעבראָכן!



# גיי איך מיר אינ פאבריקע

*Allegretto*

Gej ix mir in fab – ri – ke, der zej – ger šlogt šojn axt, der zej – ger šlogt šojn axt. Kum ix cu gejn in fab – ri – ke un blajb mir štejn far – traxt. Ax, groj – ser got, zog – že du a – lejn, ci hob ix an an – der ho – fe – nung, in fab – ri – ke cu gejn.

גיי איך מיר אינ פאבריקע,
דער זייגער שלאָגט שוינ אכט.
קומ איך צו גיינ אינ פאבריקע
אונ בלײַב מיר שטיינ פארטראכט.

אכ, גרויסער גאָט,
זאָג־זשע דו אליינ,
צי האָב איך אנ אנדער האָפענונג,
אינ פאבריקע צו גיינ?

גיי איך מיר אין פאבריקע,
דער זייגער שלאָגט שוין ניין.
קום איך צו גיין אין פאבריקע,
לאָזט מען מיך ניט אריין.
אך, גרויסער גאָט א.א.וו.

גיי איך מיר אין פאבריקע,
דער זייגער איז שוין צען.
קום איך צו גיין אין פאבריקע,
האָב איך קיינעם ניט געזען.
אך, גרויסער גאָט א.א.וו.

גיי איך מיר אין פאבריקע
איבער די קני אין שניי.
קום איך צו גיין אין פאבריקע,
אין הארצן טוט מיר וויי.
אך, גרויסער גאָט א.א.וו.

גיי איך מיר אין פאבריקע
איבער די קני אין בלאָטע.
קום איך צו גיין אין פאבריקע,
אין הארצן איז מיר סוכאָטע.
אך, גרויסער גאָט א.א.וו.



# פאָר איכ מיר ארויס

*Moderato*

For ix mir a-rojs in an enger bojd, mit fer-de-lex fir in-derbrejt, a
xoj-šex, a-vju-ge, me zet nit di velt, di ve-gn far-šo-tn, far-vejt.
Vjo, vjo, fer-de-lex, vjo, vjo, od-ler-lex, hejbt nor di ke-pe-lex hojx!
Firt di par-šojn-de-lex, trej-slt di bejnde-lex, vjo, az gejn zol a rojx!

פאָר איכ מיר ארויס אינ אנ ענגער בויד
מיט פערדעלעכ פיר אינ דער ברייט;
א כוישעכ, א וויוגע, מע זעט נישט די וועלט,
די וועגנ פארשאָטנ, פארווייט.

וויאָ, וויאָ, פערדעלעכ,
וויאָ, וויאָ, אָדלערלעכ,
הייבט נאָר די קעפּעלעכ הויכ!
פירט די פּארשוינדעלעכ,
טרייסלט די ביינדעלעכ,
וויאָ, אז גייג זאָל א רויכ!

איין פאַרשויג בעט מיך: רעב יודל, פאָרט גיך,
איך דאַרף דאָך צום גוטן ייִדן!
אַ צווייטער בעט מיך: פּאַמעלעכקע פאָרט,
אוי־אוי־אוי, מײַנע מערידן!

וויאָ, וויאָ, פערדעלעך,
וויאָ, וויאָ, אָדלערלעך,
הערט ניט, וואָס ס'ריידן די לײַט!
וואָס מיר גוטע ייִדעלעך,
וואָס מיר מערידעלעך,
וויאָ, אַ קרעטשמע ז'נישט ווײַט!

געקומען אין אַ קרעטשמע שפּעט אין דער נאַכט,
און טרעף דאָרט אַ דײַטשל באַם וואָג;
אַ ייִד, אַ באַלכעזשבן, אַן אײַזערנער קאָפּ,
און ער מאַכט אַ לעכאַיִם ביז טאָג.

אוי, אוי, קרעטשמערל,
אוי, אוי, דײַטשעלע,
לעבן זאָלט איר לאַנגע יאָר!
גיט מיר אַ קויסע,
אָבער אַ גרויסע —
וויאָ, גיט נאָך אַ פּאָר!

גענומען אַ קויסע, אַ צווייטע און — יאָ,
ער שמייכלט און פרייט זיך, מײַן דײַטש;
פאַרטרונקען די פערדלעך, פאַרטרונקען די בויד,
געקומען אהיים מיט דער בײַטש...

יאָ, יאָ, ווײַבעלע,
יאָ, יאָ, טײַבעלע,
אַ גראָשן אַפּ שאַבעס ניטאָ!
נאָר שאַ, שאַ, זאָרג נאָר נישט,
שאַ, שאַ, קלאָג נאָר נישט,
וויאָ, אַ גאָט איז נאָך דאָ!



# דרײַ נײטערנס

*Andante*

Di ojgn rojt, di li – pn bloj, kejn tro – pn blut in
bak niš – to, der šte – rn blas, ba – dekt mit švejs, der o – tem op – ge-
hakt un hejs... Es zi – cn draj mejd – lex un ne – jen!..

די אויגנ רויט, די ליפּנ בלוי,
קײנ טראָפּנ בלוט אינ באק נישטאָ,
דער שטערנ בלאס, באדעקט מיט שווייס,
דער אָטעמ אָפּגעהאקט אונ הייס —
עס זיצנ דרײַ מיידלעכ אונ נייענ...

די נאָדל — בלאנק, דער לײַוונט — שניי,
אונ איינע טראכט: איכ ניי אונ ניי,
איכ ניי באטאָג, איכ ניי באנאכט,
קיינ כופּע קלייד זיכ נישט געמאכט!
וואָס קומט ארויס, איכ ניי?..

נישט איך שלאָף און נישט איך עס...
איך וואָלט געגעבן אפ מייער באַלנעס,
עפשער וואָלט ער זיך געמיט:
אַן אַלמען כאָטש, אַן אַלטן ייִד
מיט קינדערלעך א שאָק!

די צווייטע טראַכט: איך ניי און שטעפ,
איך שטעפ מיר אויס נאָר גרויע צעפ!
דער קאָפּ — ער ברענט, די שלייפ — זי האַקט,
און די מאַשין קלאַפט צו צום טאַקט:
טאַ־טאַ און טאַ־טאַ און טאַ־טאַ!

איך פאַרשטיי דאָך יענעמס ווונק!
אַ א כופּע, אַן א רינג,
וואָלט געווען א שפּיל, א טאַנץ,
א ליבע אפ א יאָר א גאַנץ!
נאָר דערנאָך, דערנאָך?..

די דריטע שפּײַט מיט בלוט און זינגט:
איך ניי מיר קראַנק, איך ניי מיר בלינד,
עס צוויקט די ברוסט בא יעדן שטאָך...
און ער האָט כאַסענע די וואָך!
איך ווינטש אים נישט קיין שלעכטס!

עט, פאַרגעסן וואָס אַמאָל!..
טאַכריכים וועט מיר געבן קאָהאָל,
אויך א קליינטשיק פּיצל ערד,
איך וועל רוען אומגעשטערט,
איך וועל שלאָפן, שלאָפן...



# דרײַ שוועסטער

*Moderato*

In Eng – land iz do a štot Le – ster.
un in Lon – don iz do a – za skver. In
skver šte – jen teg – lex draj šve – ster. di mejd – lex, zej
ken ver – nit – ver. In ver. ———

אינ ענגלאנד איז דאָ א שטאָט לעסטער,
אונ אינ לאָנדאָנ איז דאָ אזא סקווער.
אינ סקווער שטייענ טעגלעכ דרײַ שוועסטער,
די מיידלעכ — זיי קענ ווער־ניט־ווער.

די קלענסטע פארקויפט דאָרטנ בלומענ,
די מיטלסטע בענדלעכ פונ שיכ,
אונ שפעט אינ דער נאכט זעט מענ קומענ
די עלטסטע, וואָס האנדלט מיט זיכ.

די ייִנגערע ביידע באַטראַכטן
די עלטערע שוועסטער אָן האַס;
ווײַל אַלע דרײַ מיידלעך פֿאַראַכטן
די וועלט, מיט דער שטאָט, מיט דער גאַס.

און דאָך, ווען די קליינע צוויי קומען
צום נעסט, וואָס זיי רופֿן „אַהיים“,
באַנעצן זיי בענדלעך און בלומען
מיט טרערן, וואָס בלײַבן געהיים.



# מײַנ רוע־פלאצ

*Andante*

Nit zux mix, vu di mir-tn gri-nen, gefinst mix dor-tn nit, majn
šac; vu le-bns vel-kn ba- ma-ši-nen, dor-tn iz majn ru-e-
plac, dor-tn iz ——— majn ru - e - plac. ———

ניט זוכ מיכ, ווו די מירטנ גרינענ!
געפינסט מיכ דאָרטנ ניט, מײַנ שאצ;
ווו לעבנס וועלקנ בא מאשינענ,
דאָרטנ איז מײַנ רוע־פלאצ.

ניט זוכ מיכ, ווו די פויגל זינגענ!
געפינסט מיכ דאָרטנ ניט, מײַנ שאצ;
א שקלאפ בינ איכ, ווו קייטנ קלינגענ,
דאָרטנ איז מײַנ רוע־פלאצ.

ניט זוכ מיכ, ווו פאָנטאנענ שפריצנ!
געפינסט מיכ דאָרטנ ניט, מײַנ שאצ;
ווו טרערנ רינענ, ציינער קריצנ,
דאָרטנ איז מײַנ רוע־פלאצ.

אונ ליבסטו מיכ מיט ווארע ליבע,
טאָ קומ צו מיר, מײַנ גוטער שאצ!
אונ הייטער אופ מײַנ הארצ דעמ טריבנ,
אונ מאכ מיר זיס מײַנ רוע־פלאצ.

# די הויכע מויערנ

*Moderato*

Di hoj – xe mo – je – rn, ver tut zej stro – jen, ver
tut zej stro – jen? Der ar – bet – man. Un tut a kuk, ver
tut dort voj – nen? Alc nit er, der raj – xer man.

די הויכע מויערנ, ווער טוט זיי סטרויענ,
ווער טוט זיי סטרויענ? — דער ארבֿעטס־מאנ.
אונ טוט א קוק, ווער טוט דאָרט וווינענ? —
אלצ ניט ער — דער רײַכער מאנ.

דער אָרעמאנ, ער וווינט אינ קעלער,
אונ דאָס וואסער רינט פֿונ די ווענט,
דערפֿונ באקומט ער רעמאטיזמ־פֿעלער
אינ זײַנע פֿיס, אונ זײַנע הענט.

אוי, ליבע ברידער, אז איכ וועל שטארבֿנ,
צו מײַנ לעווײַע זאָלט איר גײנ.
די רויטע פֿאָנע מיט אירע פֿארבֿנ
בא מיר צוקאָפּנס זאָל זי שטײנ.



# וואכט אופ!

*Allegro moderato*

Vi lang, o; vi lang vet ir blaj – bn nox škla – fn un
tro – gn di šend – le – xe kejt? Vi lang vet ir glen – cn – de
rajx – ti – mer ša – fn far dem, vos ba – rojbt a – jer brojt? Vi brojt?

ווי לאנג, אָ, ווי לאנג וועט איר בלײַבנ נאָכ שקלאפנ
אונ טראָגנ די שענדלעכע קייט?
ווי לאנג וועט איר גלענצנדע רײַכטימער שאפנ
פאר דעמ, וואָס בארויבט אײַער ברויט?

ווי לאנג וועט איר שטיינ, אײַער רוקנ געבויגנ,
דערנידעריקט, היימלאָז, פארשמאכט?
עס טאָגט שוינ! וואכט אופ אונ צעעפנט די אויגנ!
דערפילט אײַער אײַזערנע מאכט!

קעמפט אויס זיכ די פרײַהײַט אפ קאמפ־באריקאדנ!
דערקלערט די טיראנענ א קריג!
מוט אונ אנטשלאָסנהײַט, בראווע קאמעראדנ,
וועלנ אײַכ פירנ צומ זיג!

קייטן און טראָנעס, אָ, אַלעס מוז פאַלן
אונטער דעם אַרבעטערס שווערד!
מיט דופּטיקע בלומען, מיט גאָלדענע שטראַלן
וועט פרייהייט באַצירן די ערד.

און אַלעס וועט לעבן, און ליבן, און בליִען,
אין פרייען, אין גאָלדענעם מיי!
ברידער! גענוג פאַר טיראַנען צו קניִען!
שווערט, אַז איר מוזט ווערן פריי!

קלינגט אומעטום אין די פרייהייטס־גלאָקן!
פאַרזאַמלט די ליידנדע קנעכט!
און קעמפט באַגייסטערט, און קעמפט אומדערשראָקן
פאַר אייערע הייליקע רעכט!



# דער אַרבעטער־קאַמף

*Allegro moderato*

Der ar-be-ter-kamf gejt alc vaj-ter un vaj-ter, es ci-en alc cu vos mer di kor-bo-nes, es fa-ln a-run-ter di mu-ti-ke kem-fer, me far-folgt zej gor on rax-mo-nes. Es mo-nes.

דער אַרבעטער־קאַמף גייט אַלץ ווײַטער און ווײַטער,
עס ציִען אַלץ צו וואָס מער די קאָרבאָנעס,
עס פאַלן אַרונטער די מוטיקסטע קעמפער,
מע פאַרפאָלגט זיי גאָר אָן ראַכמאָנעס.

מע זעצט זיי אַרײַן אין די פינצטערע געצעלטן,
ווײַט אָפּגעריסן פון א מענטשלעכן לעבן,
מע שיקט זיי אַוועק קיין סיביר אין די קעלטן,
פאַר דער פרײַהײַט, צו וועלכער זיי שטרעבן.

דעם אַרבעט־טאָג וואָס קלענער, די סכירעס וואָס גרעסער,
שרײַבן און דרוקן, אַלעס וואָס מיר ווילן,
קעדיי אונדזער לעבן זאָל ווערן פיל בעסער,
מיר זאָלן אונדזער קאַמף ניט פאַרשפּילן.

אזוי זאָגט די הערשאַפט און אזוי זאָגט די רעגירונג:
דעם אַרבעט־קאַמף וואָס מער אונטערצודריקן,
טורמעס און סיבירן און אַלערליי פאַרפאָלגונגען,
דעם אַרבעטער־גייַסט צו דערשטיקן.

נאָר מיר אַלע אַרבעטער פאַר פרייַהייַט שטרעבן,
מיר לאַכן זיך אויס פון דעם אַלעמען געווער,
צו דעם מוטיקן קאַמף טוען מיר רופן:
שוועסטער און ברידער, אהער!

אונדזער אָפּפער וועלן מיר שטיצן
מיט ליבע און מיט טרייַהייַט און מיט מוט,
און דעם סוינע וועלן מיר באַזיגן
ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט.



# דער פרײַהײַטס־גײַסט

*Risoluto*

In di ga - sn, cu di ma - sn fun ge - drik - te
fel - ker - ra - sn ruft der fraj - hajts - - gajst.
Ix breng va - fn far dem šla - fn, ix ba - fraj di
ar - bets - škla - fn un ix max zej drejst.

אינ די גאסנ, צו די מאסנ
פונ געדריקטע פעלקער־ראסנ
רופט דער פרײַהײַטס־גײַסט:
„איכ ברענג וואפנ — פאר דעמ שלאפנ,
איכ באפרײַ די ארבעטס־שקלאפנ
אונ איכ מאכ זיי דרייסט.

ליכט פארשפרייטנ — רעכט פארברייטנ
קומ איכ אונ צעברעכ די קייטנ
פונ דער טיראנײַ;

די נאַציאָנען — פון קאַנאַדע,
פון אַרמייען און פון שפּאַניע
קום איך מאַכן פריי.

איך קום, לערן — אַרבעט ערן,
ערן, אַכטן און באַגערן,
אַרבעט מיט אַ טאָלק;
גליק און פרידן, — אומגעשידן
צווישן היידן, קריסטן, יידן,
צווישן פאָלק און פאָלק.

פרייד און שטרעבן — קום איך געבן,
לעבנסלוסט און לוסט אין לעבן
אַלעמען צו גלייך;
מענטשן-קינדער — זאָל ווי רינדער
ניט מער אומברענגען אַ גרינדער
פון אַ מערדער-רייך.

איך קום פּרוּוון — צו פאַרטרויען
אַלע רעכט אַף העלפן בויען
גלייכהייטס גרויסן טראָן;
איך גיב רעכט זיי אין דער עכטער,
ברידערלעכער און גערעכטער
אָרגאַניזאַציאָן.

איך קום מעלדן יענע העלדן,
וועלכע שמאַכטן אין די קעלטן,
אין סיביר אַצינד,
באַלד מיין שטורעם, — באַלד וועט שלאָגן
די באַפרייונג-שטונד".



# דאָס ערשטע וועלנ מיר נעמענ

*Allegro moderato*

Dos er - šte ve - ln mir ne - men nox re -
gi - rn d'eks-pla - ta - ters, vos zej zoj - gn un - dzer
blut, un un - dze - re za - ba - stov - kes ojs -
fi - - rn un ba - fra - jen un - dze - re mi -
nut, oj, oj, un ba - fra - jen un - dze - re mi - nut.

דאָס ערשטע וועלנ מיר נעמענ נאָכ רעגירנ
ד׳עקספּלאַטאַטערס, וואָס זיי זויגנ אונדזער בלוט,
אונ אונדזערע זאַבאַסטאָווקעס אויספירנ,
אונ באַפרייַענ אונדזערע מינוט, אוי, אוי,
אונ באַפרייַענ אונדזערע מינוט.

צו באַפרייַענ אָרעמע מענטשנ,
וועלכע לייַדנ פיל הונגער אונ נויט,

די ערד פון פרײַהײַט זאָל זײ בענטשן,
סע זאָל אױף זײ שױן ניט זײַן קײן נױט, אױ־אױ־אױ,
סע זאָל אױף זײ ניט זײַן מער קײן נױט.

נעמט ארױס די פאָנען פון די שטיבער,
װעלכע שטײען נאָך אין פינצטערן געצעלט.
נעמט זיך צונױף אַלע, שװעסטער און ברידער,
צו באפרײַען אונדזערע װעלט, אױ־אױ־אױ,
באפרײַען די אָרעמע װעלט.



# אינ קאמפּ

*Moderato*

Mir ve – rn ge-hast un ge – tri – bn, mir ve – rn ge-plogt un far – folgt, un alc nor der-far, vajl mir li – bn dos o – re – me šmax – ten – de folk. dos o – re – me · šmax – ten - de folk.

מיר ווערנ געהאסט אונ געטריבנ,
מיר ווערנ געפּלאָגט אונ פארפאָלגט ,
אונ אלצ נאָר דערפאר, ווײַל מיר ליבנ
דאָס אָרעמע שמאכטנדע פאָלק.

מיר ווערנ דערשאָסנ, געהאנגענ,
מע בארויבט אונדז דאָס לעבנ אונ רעכט,
דערפאר, ווײַל מיר עמעס פארלאנגענ
אונ פרײַהײַט פאר אָרעמע קנעכט!

נאָר קײנמאָל װעט אונדז ניט דערשרעקן
געפּענקעניש און טיראַנײַ,
מיר מוזן די מענטשהײַט דערװעקן
און מאַכן זי גליקלעך און פרײַ.

שמידט אונדז אין אײַזערנע קייטן,
װי בלוטיקע כּײַעס אונדז רײַסט;
איר װעט אונדזער קערפּער נאָר טויטן,
אָבער ניט אונדזער הייליקן גײַסט!

איר קענט אונדז דערמאָרדן, טיראַנען!
נײַע קעמפער װעט ברענגען די צײַט —
און מיר קעמפן, מיר קעמפן ביז װאַנען
די גאַנצע װעלט װעט װערן באַפרײַט!..



# מײַנ לעצטע האָפענונג

*Moderato*

In štu – rem, in kamf iz majn ju – gnt far – švun – dn, fun li – be, fun glik hob ix kejn – mol ge – vust;
nor bi – te – re tre – rn un blu – ti – ge vun – dn
ho – bn ge – koxt un ge – brent in majn brust.

אינ שטורעמ, אינ קאמפ איז מײַנ יוגנט פארשווּנדנ,
פונ ליבע, פונ גליק האָב איכ קײנמאָל געוווּסט,
נאָר בלוטיקע טרערנ אונ בלוטיקע וווּנדנ
האָבנ געקאָכט אונ געברענט אינ מײַנ ברוסט.

פרי האָב איכ מײַנ הויז אונ מײַנ הײמאט פארלאָרנ,
פונ קינדהײַט האָט מיכ שוינ דאָס מאזל פארפאָלגט,
פארסאמט האָט ער מיר מײַנע בליִענדע יאָרנ
אונ טאָמיד געמאטערט, געפּײַניקט, געיאָגט,

פרי זײַנע געשטאָרבנ מײַנע האָפענונגענ זיסע,
פרי האָב איכ דערזענ דעמ ווילדנ קאָנטראסט —

דאָס ארבעטער־פאָלק אינ א פינצטערער טפיסע,
אונ שווינדלער אונ רויבער אינ א ריַיכנ פאלאסט.

א גוואלדיקער שטורעמ מיַינ הארצ האָט דערציטערט,
אונ איכ האָב געשווירנ נעקאָמע אונ טויט
צו אלעס, וואָס האָט אונדזער לעבנ פארביטערט,
געמאָרדעט, בארויבט אונדזער פריַיהיַיט אונ ברויט.



# מײַנ צוואָע

*Moderato*

O, gu – te frajnt, ven ix vel štar – bn, trogt
cu cu majn kej – ver un – dzer fon, di fra – je
fon mit roj – te far – bn, bašprict mit
blut fun ar – bets – man. Di fra – je man.

אָ, גוטע פרײַנט, ווענ איכ ווערֿ שטארבֿנ,
טראָגט צו מײַנ קייוועך אונדזער פאָנ, —
די פרײַע פאָנ מיט רויטע פארבֿנ,
בֿאשפריצט מיט בֿלוט פונ ארבֿעטסמאנ!

אונ דאָרט, אונטער דער פאָנ דער רויטער,
זינגט מיר מײַנ לֿיד, מײַנ פרײַע לֿיד!
מײַנ לֿיד „אינ קאמפ״, וואָס קלֿינגט ווי קייטנ
פונ דעם פארשקלֿאפֿנ קריסט אונ ייִד.

אויך אין מײַן קייווער וועל איך הערן
מײַן פרײַע ליד, מײַן שטורעם־ליד,
אויך דאָרט וועל איך פארגיסן טרערן
פאר דעם פארשקלאפטן קריסט און ייִד!

און ווען איך הער די שווערדן קלינגען
אין לעצטן קאמף פון בלוט און שמארץ —
צום פאָלק וועל איך פון קייווער זינגען
און וועל באַגײַסטערן זײַן הארץ!



# עס דרעמלט אינ טורמע

*Allegretto*

Es dre-mlt in tur-me, di lo-dn far-maxt, es drejt zix a-rum a sol-dat af der vax. Er hit op di vent un di kej-tn, di naxt, er hit op di men-čn, vos zi-cn far-maxt.

עס דרעמלט אינ טורמע,
די לאָדנ פארמאכט,
עס דרייט זיכ ארומ
א סאָלדאט אפ דער וואכ.

ער היט אָפּ די ווענט
און די קייטנ, די נאכט,
ער היט אָפּ די מענטשנ,
וואָס זיצנ פארמאכט.

מיר זיצנ און שמאכטנ
פאר הונגער און קעלט, —
אלעס פאר פרײַהײַט,
פאר לעבנ אפ דער וועלט.

מיר ווערנ געפײַניקט,
געמוטשעט מיט נויט,

מיר קעמפן פאר פרײַהײַט
מיט לעבן און טויט.

אונדז שרעקט נישט קיין הונגער,
קיין טורמעס, קיין קעלט,
מיר מוזן באַפרײַען
דאָס לעבן אױף דער װעלט.

מיר מוזן באַקעמפן
די צארישע מאכט,
מיר מוזן פארטרײַבן
די פינצטערע נאכט.



# עס רירט זיכ

*Moderato*

Hert ir, kin – der, vi es rirt zix, vi es
rirt zix i – be – ral, vi der ar – bets - man mu –
štrirt zix cu dem kamf mit ka – pi – tal. Cu dem
tojt - kamf mi – tn šin – der, mi – tn gvir, dem gelt- ti – ran. Hert ir,
vi es rirt zix, kin – der, der ba – rojb – ter ar – bets – man.

הערט איר, קינדער, ווי עס רירט זיכ,
ווי עס רירט זיכ איבעראל?
ווי דער ארבעטס־מאנ מושטרירט זיכ
צו דעמ קאמפ מיט קאפיטאל, —
צו דעמ טויט־קאמפ מיטנ שינדער,
מיטנ גוויר, דעמ געלט טיראנ?
הערט איר, ווי עס רירט זיכ, קינדער,
דער בארויבטער ארבעטס־מאנ?

הערט איר, קינדער, ווי עס רירט זיך,
שפּירט איר, אז דער סאָף קומט אָן?
פאָרווערטס, קינדער, עס מארשירט זיך
לוסטיק בא דער רויטער פאָן!
פרייהייט איז דער הערצער־צינדער,
אָן טרומייט און באראבאן,
זיינע ברידער, זעט איר, קינדער,
גייט באפרייען דער ארבעטס־מאן.

ווייל ער בוקט זיך ניט פאר געצן,
ניט פאר אָפּגעטער ניט מער,
ווילט זיך מער ניט לאָזן העצן
צו געבּרויכן זיין געווער
פאר דעם נעץ פון זיינע שינדער,
קעגן קאמפ — און פרייהייטס־מאן;
אוי, ער קומט צום סייכל, קינדער,
איבעראל דער ארבעטס־מאן!

איבעראל, אף ביידע זייטן
פון אטלאנטיק, רירט ער זיך!
ער וויל מער ניט לאָזן רייטן
זיינע בלוטזויגער אף זיך.
ער וויל מערער, ווי א בלינדער
פערד, ניט גיין שוין אין געשפּאן,
ער וויל פריי זיין, ליבע קינדער,
זאָט זיין וויל דער ארבעטס־מאן!

קינדער, שוין גענוג גענאָסן
האָט דער רייכער אלדאָס גוטס,
בלוט גענוג האָט ער פארגאָסן,
אייער בלוט צוליב זיין נוץ.
קינדער, מארש! צום קאמפ געשווינדער
מיט דער פאָן דער רויטער שפּאַנט!
איר זייט זיינע ברידער, קינדער,
און ער רופט, דער ארבעטס־מאן!

זעט איר, קינדער, ער וויל מאכן
פון דער שקלאפעריַי אן ענד,
וויל געניסן אלע זאכן,
וואָס עס מאכן זײַנע הענט.
קינדער, ער איז א דערפינדער,
ער האָט אויסגעטראכט א פלאן,
ווי צו לעבן גליקלעך, קינדער,
ער — דער פּראָסטער ארבעטס־מאן!

# אַז ניקאָלײַ פּאַוולאָוויטש איז מײלעכ געוואָרנ

*Andante moderato*

Az Ni-ko-laj Pav-lo-vitš iz mej-lex ge-vo-rn,

zaj-nen ji-di-še her-cer ce-bro-xn ge-vo-rn. Oj, mir vej,

oj, mir vej, zaj-nen ji-di-še her-cer ce-bro-xn ge-vo-rn.

אַז ניקאָלײַ פּאַוולאָוויטש איז מײלעכ געוואָרנ,
זײַנען ייִדישע הערצער צעבראָכנ געוואָרנ.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
זײַנען ייִדישע הערצער צעבראָכנ געוואָרנ.

דער ערשטער אוקאַז איז אַראָפּגעקומענ אַפּ ייִדישע זעלנער,
זײַנען זיי זיכ אַלע צעלאָפּנ אינ די פּוסטע וועלדער.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
זײַנען זיי זיכ אַלע צעלאָפּנ אינ די פּוסטע וועלדער.

אינ אַלע פּוסטע וועלדער זײַנען מיר געלאָפּנ,
אינ די פּוסטע גריבער זײַנען מיר פּאַרלאָפּנ.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
אינ די פּוסטע גריבער זײַנען מיר פּאַרלאָפּנ.

בינ איכ געלעגנ אינ גרוב אַ טאָג מיט דרײַ מעסלעס,
בינ איכ געוואָרנ טויט ווי אַ מעס.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
בינ איכ געוואָרנ טויט ווי אַ מעס.

טו איך א קוק: שטייט א שטיבעלע פונדערוויַטן,
איז אין יענעם שטיבעלע נישטאָ קיין שום לײַטן.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
איז אין יענעם שטיבעלע נישטאָ קיין שום לײַטן.

גיי איך צו צו דער טיר, צו דער טיר,
זאָג איך: באַלעבאָסטע, עפנט מיר.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
זאָג איך: באַלעבאָסטע, עפנט מיר.

די באַלעבאָסטע טוט א קוק: איך בין זייער טויט,
גיט זי מיר פאר ראכמאָנעס א שטיקעלע ברויט.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
גיט זי מיר פאר ראכמאָנעס א שטיקעלע ברויט.

צום שטיקל ברויט דארף מען זיך וואשן,
און די כאפּערס גייען ארום אין אַלע גאסן.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
און די כאפּערס גייען ארום אין אַלע גאסן.

קומט אריַין דער כאפּער מייער,
טראָג איך אים אריַין דעם וויַסן צווייער.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
טראָג איך אים אריַין דעם וויַסן צווייער.

דעם וויַסן צווייער צוגענומען, צוגענומען,
און מיך פאר קיין רעקרוט ניט גענומען.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
און מיך פאר קיין רעקרוט ניט גענומען.

קומט אריַין דער כאפּער מענדל,
טראָג איך אים אריַין דאָס רויטע רענדל.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
טראָג איך אים אריַין דאָס רויטע רענדל.

דאָס רויטע רענדל צוגענומען, צוגענומען,
און מיך פאר א רעקרוט מיטגענומען.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
און מיך פאר א רעקרוט מיטגענומען.

לייגט מען מיך אַרופֿ אַפֿ דעם וואָגן,
זאָג איך: אוי, מאַמעניו, בעסער וואָלסטו מיך באַגראָבן!
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
זאָג איך: אוי, מאַמעניו, בעסער וואָלסטו מיך באַגראָבן!
פֿירט מען מיך צו צום פּריזאָם, צום פּריזאָם,
זאָג איך: אוי, מאַמעניו, בעסער מאַך מיר אַ צאָם!
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
זאָג איך: אוי, מאַמעניו, בעסער מאַך מיר אַ צאָם.
פֿירט מען מיך אַרײַן אין דער ערשטער טיר,
שטייען סאָלדאַטן און קוקן אַפֿ מיר.
אוי, מיר, וויי, אוי, מיר, וויי,
שטייען סאָלדאַטן און קוקן אַפֿ מיר.
פֿירט מען מיך אַרײַן אין דער צווייטער טיר,
שטייען זשאַנדאַרמען און קוקן אַפֿ מיר.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
שטייען זשאַנדאַרמען און קוקן אַפֿ מיר.
פֿירט מען מיך אַרײַן אין דער דריטער טיר,
שטייען דאָקטוירים און קוקן אַפֿ מיר.
אוי מיר, וויי, אוי, מיר, וויי,
שטייען דאָקטוירים און קוקן אַפֿ מיר.
ער טוט מיר אַ קוק אין די אויגן, אין די אויגן,
— פֿאַר אַ סאָלדאַט וועט ער טויגן!
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
פֿאַר אַ סאָלדאַט וועט ער טויגן!
ער טוט מיר אַ קוק אַפֿ די פֿיס, אַפֿ די פֿיס:
— פֿאַר אַ סאָלדאַט בין איך צוקער־זיס.
אוי מיר, וויי, אוי מיר, וויי,
פֿאַר אַ סאָלדאַט בין איך צוקער־זיס.
זײַט־זשע מיר געזונט, מײַן פֿאָטער און מוטער,
איך גיי שוין אַוועק פֿאַר אַ מאָסקוויטער!
גאָט זאָל אײַך געבן געזונט און לעבן,
און מיר אַ גליקלעכן וועג!
וואָס־זשע וועט אײַך העלפֿן אײַער געוויין?
איך גיי זיך ניט אַליין!



# אסערעס האזאָהאָוו

*Moderato*

A – se – res ha – zo – hov, a – se – res a – vo–nim. x'vel ajx

zin – gen a lid fun di ji – di – še je – vo – nim.

Ta – ra ra ra ra ra, ta – ra ra ra ra, x'vel ajx

zin – gen a lid fun di ji – di – še je – vo – nim.

אסערעס האזאָהאָוו, אסערעס אוואָנימ,
כ׳וועל אײַכ זינגענ א ליד פונ די ייִדישע יעוואָנימ.

באלעבאטישע קינדער זײַנענ דאָכ יאכסאָנימ,
אונ מיר, אָרעמע קאנטאָניסטנ, דארפֿנ גײנ אינ די יעוואָנימ.

גאָר די וועלט טוט וויינענ אונ שרײַענ,
מיסטאמע איז עס א גזיירע מינ האשאָמאיִמ.

דאָקטוירימ טוענ אָפּ אונדזערע לײַבער קוקנ,
צו דער גאנצער פּריסוטסטווע מוזנ מיר זיכ בוקנ.

הײַנטיקע וועלט זײַנענ מיר געבאָרנ געוואָרנ,
די וועלט אונ יענע וועלט האָבנ מיר אָנגעוואָרנ.

ווי זאָלן מיר וויינען, ווי זאָלן מיר שרײַען?
מיסטאמע איז דאָס א גזיירע מין האשאָמאַיִם.

זײַט־זשע געזונט, פאָטער און מוטער, שוועסטער און ברידער,
גאָט ווייסט, צי וועלן מיר זיך שוין זען ווידער!

כאזאַנים, ראבאָנים טוען אונדז טרײַבן צו דער שוועע,
און צו אונדזער גזיירע איז ניטאָ קיין רעפוע.

טײַכן טרערן האָט פון אונדזערע מוטערס געטאָן רינען,
איידער זיי האָבן אונדז געטאָן געווינען.



# נעבן וואסער וואקסן ביימער

*Andantino*

Ne – bn va – ser vak – sn bej – mer, un
af di bej – mer vak – sn cvaj – gn; az me hot undz do in ka – ra –
ul – ke a – rajn – ge – firt, mu – zn mir dox gor štil švaj – gn.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אף די ביימער וואקסן צווײַגן;
אז מ׳האָט אונדז דאָ אין קאראולקע ארײַנגעפירט,
מוזן מיר דאָך גאָר שטיל שווײַגן.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אף די ביימער וואקסן צווײַגן,
און אף די צווײַגן בלעטער;
אז מע האָט אונדז דאָ אין קאראולקע ארײַנגעפירט,
מוזן מיר שלאָפן אף די הוילע ברעטער.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אף די ביימער וואקסן צווײַגן,
און אף די צווײַגן וואקסן בלעטער,
און אף די בלעטער וואקסן ניס;
און אז מ׳האָט אונדז גענומען פאר רעקרוטן,
טוט מען אונדז שליסן די הענט מיט די פיס.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אף די ביימער וואקסן צווייַגן,
און אף די צווייַגן וואקסן בלעטער,
און אף די בלעטער וואקסן עפל;
אז מ׳האָט אונדז שוין אין פריִאָם אריַינגעפירט,
גאָלט מען דאָך אונדז אָף א האלבע קעפל.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אף די ביימער וואקסן צווייַגן,
און אף די צווייַגן וואקסן בלעטער,
און אף די בלעטער וואקסן דוילן;
אז מע גיט אונדז אָף פאר סאָלדאטן,
לערנט מען אונדז דאָך שיסן מיט גרויסע קוילן.

אָז מ׳פירט אונדז שוין ארויס פון דער היים,
טוען דאָך פאָטער און מוטער און שוועסטער און ברידער שרייַען.
אך! אונדז טוט מען דאָך לערנען שיסן מיט אלערליי קלייזייַען.



# וועמענ וועלנ מיר דינענ, ברידער

*Andante*

Ve-men ve-ln mir di - nen, bri - der?
Ve - men ve-ln mir di - nen, bri - der? Dem
ru - si - šn kej - ser, bri - der, dem ru - si - šn kej - ser,
bri - der. Dem ru - si - šn kej - ser di - nen iz nit gut,
vajl er tut zix bo - dn in un - dzer blut, dem ru - si - šn kej - ser di - nen
iz nit gut, vajl er tut zix bo - dn in un - dzer blut.

— וועמענ וועלנ מיר דינענ, ברידער?
וועמענ וועלנ מיר דינענ, ברידער?
— דעמ רוסישנ קייסער, ברידער,
דעמ רוסישנ קייסער, ברידער,
דעמ רוסישנ קייסער דינענ איז ניט גוט,
ווײַל ער טוט זיכ באָדנ אינ אונדזער בלוט.

— ווו־זשע וועלן מיר זײַן, ברידער?
ווו־זשע וועלן מיר זײַן, ברידער?
— אין די קאַלטע קאַזאַרמעס, ברידער,
אין די קאַלטע קאַזאַרמעס, ברידער,
אין די קאַלטע קאַזאַרמעס דינען איז ניט גוט,
ווײַל ער טוט זיך באָדן אין אונדזער בלוט.

— אַף וואָס־זשע וועלן מיר שלאָפֿן, ברידער?
אַף וואָס־זשע וועלן מיר שלאָפֿן, ברידער?
— אַף די הוילע קויקעס, ברידער,
אַף די הוילע קויקעס, ברידער,
אַף די הוילע קויקעס שלאָפֿן איז ניט גוט,
ווײַל ער טוט זיך באָדן אין אונדזער בלוט.

— מיט וואָס וועלן מיר זיך צודעקן, ברידער?
מיט וואָס וועלן מיר זיך צודעקן, ברידער?
— מיט סאָלדאַטסקע שינעלן, ברידער,
מיט סאָלדאַטסקע שינעלן, ברידער,
מיט סאָלדאַטסקע שינעלן איז אויך ניט גוט,
ווײַל ער טוט זיך באָדן אין אונדזער בלוט.

— וואָס־זשע וועלן מיר עסן, ברידער?
וואָס־זשע וועלן מיר עסן, ברידער?
— קרויט מיט ווערים, ברידער,
קרויט מיט ווערים, ברידער.
קרויט מיט ווערים איז אויך ניט גוט,
אַזויווי וואַסער גיסט זיך אונדזער בלוט.

— וואָס־זשע וועלן מיר טאָן, ברידער?
וואָס־זשע וועלן מיר טאָן, ברידער?
— דעם ראָטנעם די שטיוול טשיסטען, ברידער,
דעם ראָטנעם די שטיוול טשיסטען, ברידער,
דעם ראָטנעם די שטיוול טשיסטען איז ניט גוט,
ווײַל ער טוט זיך באָדן אין אונדזער בלוט.



# אינ טויזנט אכט הונדערט פיר אונ זיבעציקסטנ יאָר

*Moderato*

In toj-znt axt hun-dert fir un zi-be-cik-stn jor.
de-mlt iz ge-ve-zn a groj-ser na-bor, fun vej-nen, fun
klo-gn bin ix šojn mat, m'hot mir op-ge-zogt di le-go-te, x'bin a
far-ti-ker sol-dat, fun vej-nen, fun klo-gn bin ix šojn
mat, m'hot mir op-ge-zogt di le-go-te, x'bin a far-ti-ker sol-dat.

אינ טויזנט אכט הונדערט פיר אונ זיבעציקסטנ יאָר,
דעמלט איז געוועזנ א גרויסער נאבאָר.
פונ וויינענ, פונ קלאָגנ בינ איכ שוינ מאט,
מ׳האָט מיר אָפגעזאָגט די לעגאָטע, כ׳בינ א פארטיקער סאָלדאט.

מ׳פירט מיכ ארײַנ אינ דער פריסוטסטווע,
מ׳שטעלט מיכ אנידער נעבנ דעמ סטאנאָק,
אוי, שטעלנ שטעלט מענ מיכ אזוי פײַנ אונ אזוי גלאט,
„פריניאטאָ!" האָט מענ א געשריי געטאָנ, אונ „מאָלאָדיעצ סאָלדאט"!

איך לייג מיך אנידער אפ דער קויקע און איך הייב זיך אָן צו באקלערן,
וואָס פאר א טאכלעס קען דאָ פון מיר ווערן.
אוי, איז מיר פינצטער און צודערצו נאָך ביטער,
אז איך דארף זיך שוין געזעגענען מיט מײַנע פאָטער און מוטער.

זײַ־זשע מיר געזונט, מײַנ געטרײַע מוטער!
דיר איז דאָך פינצטער און מיר איז דאָך ביטער.
זײַ־זשע מיר געזונט, מײַנ געטרײַער פאָטער!
אפ פינף יאָר ווערסטו פון מיר פּאָטער.

זײַ־זשע מיר געזונט, מײַנ געטרײַע קאלע!
נאָך דיר וועל איך בענקען מערער ווי נאָך אלע,
ווײַל דו טוסט אינדערהיים פארבלײַבן,
בעטן בעט איך דיך א בריוועלע צו שרײַבן.

# פירט מענ מיכ ארײַנ

*Allegro*

Firt men mix a – rajn in dem er – štn ci – mer. me
zogt mir on a bsu – re, x'hob ge – coj – gn a klej – nem nu – mer.
Un ox, un az vej iz cu maj – ne jor,
az ix bin alt ge – vo – rn ejn un cvan cik jor.

פירט מענ מיכ ארײַנ
אינ דעמ ערשטנ צימער,
מע זאָגט מיר אָנ א בסורע:
כ׳האָב געצויגנ א קליינעמ נומער.

אונ אָכ, אונ אז וויי איז צו מײַנע יאָר,
אז איכ בינ אלט געוואָרנ
איינ אונ צוואנציק יאָר!

פירט מענ מיכ ארײַנ
אינ דעמ ערשטנ כיידער,
הייסט מענ מיר אויסטאָנ
די וואָלנע קליידער.

אונ אָכ, אונ אז וויי א.א.וו.

פירט מען מיך אריַין
אין דעם צווייטן כיידער,
גיט מען מיר דאָס ביקסעלע
אף פינעף יאָר קעסיידער.
אונ אָך, אונ אז ווײַ א.א.וו.
פירט מען מיך ארויס
אף דער הינטער־טיר,
שטייט א פאָלק סאָלדאטן
אונ ווארט שוין אף מיר.
אונ אָך, אונ אז ווײַ א.א.וו.
פירט מען מיך ארויס
אף די הינטערשטע טרעפּ,
שטייען מײַנע עלטערן
אראָפּגעלאָזט די קעפּ.
אונ אָך, אונ אז ווײַ א.א.וו.
זײַ־זשע מיר געזונט,
מײַן ליבע מוטער!
אזויווי דיר איז פינצטער,
אזוי איז מיר ביטער.
אונ אָך, אונ אז ווײַ א.א.וו.
זײַ־זשע מיר געזונט,
מײַן ליבער פאָטער!
דו ווערסט דאָך פון מיר איצטערט
אף פינף יאָר פאָטער.
אונ אָך, אונ אז ווײַ א.א.וו.
זײַט־זשע מיר געזונט,
מײַנע שוועסטער אונ ברידער!
איך פאָר פון אײַך אוועק,
אונ מאכט ניט קיין געריַדער.
אונ אָך, אונ אז ווײַ א.א.וו.
זײַ־זשע מיר געזונט,
מײַן ליבע קאלע!
נאָך דיר וועל איך בענקען
מער ווי נאָך אלע.
אונ אָך, אונ אז ווײַ א.א.וו.



# זײַ־זשע מיר געזונט

*Allegro*

Zaj -że mir ge-zunt, oj, zaj -że mir ge-zunt,
majn li-ber fo-ter, ix for dox šojn fun dir a-
vek. Ejn un cvan-cik jor hos-tu mix ge-ho-de-vet, un
ic-ter varf ix dix a-vek

זײַ־זשע מיר געזונט, אוי, זײַ־מיר געזונט, מײַנ ליבער פאָטער!
איכ פאָר, דאָכ שוינ פונ דיר אוועק.
איינ אונ צוואנציק יאָר האָסטו מיכ געהאָדעוועט,
אונ איצטער ווארפ איכ דיכ אוועק.

זײַ־זשע מיר געזונט, אוי, זײַ־זשע מיר געזונט, מײַנ ליבע מוטער!
איכ פאָר דאָכ שוינ פונ דיר אוועק.
אונטער דײַנעמ הארצנ בינ איכ געלעגנ,
אונ איצטער ווארפ איכ דיכ אוועק.

זײַ־זשע מיר געזונט, אוי, זײַ־זשע מיר געזונט, מײַן ליבער ברודער!
איך פֿאָר דאָך שוין פֿון דיר אַוועק.
אונטער איין הארצן זײַנען מיר געלעגן,
און איצטער װאַרף איך דיך אַוועק.

זײַ־זשע מיר געזונט, אוי, זײַ־זשע מיר געזונט, מײַן ליבע שוועסטער!
איך פֿאָר דאָך שוין פֿון דיר אַוועק.
אויף דײַנע הענט האָסטו מיך געטראָגן,
און הײַנט װאַרף איך דיך אַוועק.

זײַ־זשע מיר געזונט, אוי, זײַ־זשע מיר געזונט, מײַן ליבע קאַלע!
איך פֿאָר דאָך שוין פֿון דיר אַוועק.
נאָך דיר װעל איך בענקען בעסער װי נאָך אַלע,
און איצטער װאַרף איך דיך אַוועק.

# אינדרויסן גייט א רעגן

*Moderato con animo*

In droj-sn gejt a re - gn, es vet dox zajn a blo - te, es vet dox zajn a blo - te, hajnt hot men mir op - ge - zogt di per - ve le - go - te. Fo - ńe, fo - ńe ga - nev, fo - ńe, fo - ńe ga - nev, fo - ńe, fo - ńe ga - nev, fo - ńe blajbt a ga - nev.

אינדרויסן גייט א רעגן,
עס וועט דאָך זײַן א בלאָטע,
הײַנט האָט מען מיר אָפּגעזאָגט
די פּערווע לעגאָטע.

פֿאָניע, פֿאָניע גאַנעוו,
פֿאָניע, פֿאָניע גאַנעוו,
פֿאָניע, פֿאָניע גאַנעוו,
פֿאָניע בלײַבט א גאַנעוו.

אינדרויסנ גייט א רעגנ,
עס וועט דאָכ זײַנ קאַלט,
הײַנט האָט מענ מיכ פאַרטריבנ
אינ פאָלק ארײַנ מיט גוואַלד.

פאָניע, פאָניע גאַנעוו א.א.וו.

די מאַמע ט׳מיכ געהאָדעוועט
מיט מילעכ אונ מיט פּוטער,
איצט דאַרפ איכ פאָניענ דינענ,
פינצטער ז׳מיר אונ ביטער.

פאָניע, פאָניע גאַנעוו א.א.וו.

די מאַמע ט׳מיכ געהאָדעוועט
מיט באָקסער אונ מיט פײַגנ,
הײַנט האָט מענ מיכ אָפּגעגעבנ,
מוז איכ, נעבעכ, שווײַגנ.

פאָניע, פאָניע גאַנעוו א.א.וו.

דער רעבע ט׳מיכ געלערנט
כומעש מיט ראַשע,
איצט דאַרפ איכ דינענ
פאַר באָרשטש אונ פאַר קאַשע.

פאָניע, פאָניע א.א.וו.



# אוי, פאָניע דינען










אוי, פאָניע דינען איז זייער ביטער,
פאָניע דינען איז זייער שלעכט,
אז איך דערמאַן זיך אָן פאָניע דינען,
שלאָפן שלאָף איך ניט קיין גאַנצע נעכט.

גאַנצע נעכט, אוי, שלאָף איך נישט,
אַף מײַנע אויגן קומט קיין שלאָף,
אוי, זאָגן זאָגט מיר, איר ליבע מענטשן,
אוי, ווען וועט פאָניע האָבן א וויסטן סאָף!



# קיינ עסנ אונ קיינ טרינקענ

*Moderato*

Kejn e-sn un kejn trin-ken, ma-me, nemt mix nit, ix
bin mit maj-ne hej-se tre-rn, oj vej, zat. Ix freg un freg, un
kej-ner ent-fert nit, far-vos zol zajn majn xo-sn a sol-dat?

קיינ עסנ אונ קיינ טרינקענ, מאמע, נעמט מיכ ניט,
איכ בינ מיט מײַנע הייסע טרערנ, אוי, וויי, זאט.
איכ פרעג אונ פרעג, אונ קיינער ענטפערט ניט,
פארוואָס זאָל זײַנ מײַנ כאָסנ א סאָלדאט?

זאָל זיכ נאָר אופכאפּנ א שטורעמ־ווינט,
אוועקטראָגנ זאָל עס מיכ צו דיר,
איכ זאָל נאָכ זענ דײַנ שיינעמ קאָפּ האָר,
ווער שמועסט זיכ נאָכ צעקושנ מיט דיר.

אוי, דו טײַערער גאָט,
וויאזוי וועל איכ עס קאָנענ צוזענ!
דער קייסער וועט צונעמענ מײַנ טײַערנ בריליאנט,
אונ איכ וועל דארפנ פונדערווײַטנס שטיינ.



# באַק מיר ניט קיין בולקעלעך

*Allegretto scherzando*













באַק מיר ניט קיין בולקעלעך,
איך וועל זיי דאָך ניט עסן;
כ׳פאָר אוועק פאָניען דינען,
וועסט אין מיר פארגעסן.

אוי, ווײ, ווײ, ווײ,
יאָשקע פאָרט אוועק!
לאָמיר זיך געזעגענען —
דער פאָיעזד גייט אוועק.

קויף מיר נישט קיין שיכעלעך,
און מאך מיך ניט שיינ;

קויף מיר אַ פּאָר שטיוועלעך,
איך דאַרף צום פּריזיוו גיין.

אוי, ווי א.א.וו.

זומער אין איין העמדעלע,
ווינטער אין איין לײַבל,
מ'האָט דאָך מיך אָוועקגענומען
פון אַ יונג ווײַבל.

אוי, ווי א.א.וו.



# פאָרנ פאָרסטו פונ מיר אוועק

*Allegro moderato*

Fo - rn for-stu fun mir a-vek, ta - je - re le - bn majns, oj,
fo - rn for-stu zix cum pri - ziv šte - ln Oj, helf-že mir šojn,
go - te - ńu, zolst a - rojs fun kej - sers hent un der
gan-cer pri-sut-stve zol-ste nit ge - fe - ln. Oj, ln.

— פאָרנ פאָרסטו פונ מיר אוועק, טײַער לעבנ מײַנס,
אוי, פאָרנ פאָרסטו זיכ צומ־פריזיוו שטעלנ.
אוי, העלפ־זשע מיר שוינ, גאָטעניו, זאָלסט ארויס פונ קײסערס הענט,
אונ דער גאַנצער פריסוטסטווע זאָלסטו ניט געפעלנ.

וואָס־זשע האָסטו מיר אזוינס אָפּגעטאָנ, טײַער לעבנ מײַנס,
וואָס מײַנ הארצ ציט אזוי צו דיר, צו דיר?
— איכ האָב דיר גאָרניט אָפּגעטאָנ, טײַער לעבנ מײַנס,
איכ האָב זיכ פּאָשעט אײַנגעליבט אינ דיר.

— איכ ווינטשעווע ניט קײנעמ, אפילע ניט קײנ סוינע,
צו זיצנ מײדלווײַז, אוי, טאָג אונ נאכט צו נײענ.

אוי, האָסטו מיר, אוי, האָסטו מיר, אוי, מײַן קאָפּ פאַרדרייט,
און יונג פון דער וועלט איבער דיר וועל איך מוזן גיין.

פאַרן פאַרסטו פון מיר אוועק, טײַער לעבן מײַנס,
פיל טײַכן טרערן וועל איך טון גיסן.
אוי, העלפ־זשע מיר שוין, גאָטעניו, זאָלסט ארויס פון קייסערס הענט,
מיר זאָלן שוין קאָנען פון א כאַסענע שמועסן.



# אוי, נײַנ כאדאָשימ

*Con animo*

Oj, najn xa - do - šim hot mix majn ma - me ge - tro - gn ej - der zi hot mix ge - hat. ——
fil taj - xn mit tre - rn hot majn ma - me far - go - sn, az ix zol nit zajn kejn sol - dat.

אוי, נײַנ כאדאָשימ האָט מיכ מײַנ מאמע געטראָגנ
איידער זי האָט מיכ געהאט,
פיל טײַכנ מיט טרערנ האָט מײַנ מאמע פארגאָסנ,
אז איכ זאָל ניט זײַנ קיינ סאָלדאט.

יעדער באָכער צו איינ אונ צוואנציק יאָר,
ער הייבט נאָר וואָס אָנ צו בליִענ,
מע טוט אימ א נעמ אינ פריסוטסטווע ארײַנ,
אוי, דעמ זשערעב מוז ער נעבעכ ציִענ.

אזויווי ס'קומט, אוי, פרײַטיק צונאכטס,
ליג איכ מיר אפ מײַנ קויקע אונטראכט;

כ׳וואָלט בעסער געגאַנגען צו אַ ייִדן אויף שאַבעס,—
האָט דער פעלדפעבעל אַ פּאָווערקע געמאַכט.

אַזויווי ס׳קומט שאַבעס אינדערפרי
גיט מען אַן אָנגעשריי: „נאַ אוטשעניע וויכאָדי!״
צי האָב איך עפּעס געגעסן, צי האָב איך עפּעס געטרונקען,—
איך כאַפּ נאָך אַ פּאַטש צו דערצו.

אַזויווי ס׳קומט אונטער אַ מילכאָמע,
גיט מען אַ קלאַפּ מיטן באַראַבאַן.
מ׳גייט אונדז באַלייטן, אַזויווי נאָך אַ טויטן,
און מע שרייט: מײַן זון, מײַן מאַן!



# א לייטערל צום הימל

*Allegretto*

A lej – te – rl cum hi – ml vel ix šte – ln un
vel a – ruf – kri – xn cu got. —— ej – ne cvej
ver – ter, oj, vel ix ba im fre – gn, far – vos majn li – ber
darf zajn a sol – dat, oj, oj, oj,

— א לייטערל צום הימל וועל איך שטעלנ
אונ וועל ארופקריכנ צו גאָט,
איינע צוויי ווערטער, אוי, וועל איך בא אימ פרעגנ,
פארוואָס מײַנ ליבער דארפ זײַנ א סאָלדאט, אוי־אוי־אוי!

— קיינ לייטערל צום הימל וועסט ניט שטעלנ,
א סאָלדאט וועל איך בלײַבנ סײַוויסײַ,
נאָר ניעוזשעלי ביסטו אזא מינ מיידל,
זאָלסט אפ מיר ניט ווארטנ א יאָר דרײַ, אוי־אוי־אוי!

— דרײַ יאָר וועל איך אפ דיר ווארטנ,
אפילע צענ איז אויך קעדײַ.
נאָר דו אליינ, דו ווייסט דעמ גאנצנ עמעס,
וויאזוי ס׳איז שווער צו נייענ שנײַדערײַ, אוי־אוי־אוי!

# איך טו דיר, א בריוועלע שרײַבן













איך טו דיר א בריוועלע שרײַבן,
און שרײַבן שרײַב איך דיר, מאמע, פון מײַן געזונט:
אוי, א האנט האָט מען מיר אראָפּגענומען,
נ׳אפ מײַנע אויגן בין איך, מאמעניו, בלינד.

איך ליג מיר אין באָלניצע געראניעט,
און די דאָקטוירים שטייען ארום מיר,
און דאָס הארץ ווערט מיט בלוט אָפּגעגאָסן,
און די געטרײַע מוטער איז ניטאָ לעבן מיר.

א בריוועלע שרײַב איך צו מײַן קאָלע,
שרײַבן שרײַב איך איר נאָר פון זיך אליין,
אז די טנאָים זאָל זי שוין צערײַסן
און מיט א צווייטן צו דער כופּע גיין.



# אז ווײ דעם טאטנ

*Adagio non troppo*

Az vej dem ta – tn un az vej der ma – men, vos zej ho-bn a zun a za – pas – noj, me tut im on di sol – dat – ske klej – der un me šikt' im, oj vej, glajx in boj, me tut im on di sol - dat – ske klej – der un me šikt im, oj vej, vej, glajx in boj.

אז ווײ דעם טאטנ און אז ווײ דער מאמענ,
וואָס זײ האָבנ א זונ א זאפּאסנױ;
מע טוט אים אָנ די סאָלדאטסקע קלײדער,
און מע שיקט אים, אױ, װײ, גלײַכ אינ בױ.

אױ, װי מיר זײַנענ צום פּאָיעזד געקומענ,
אפ דער פּלאָשטשאדקע בינ איכ געבליבנ שטײנ;
אױ, װי דער פּאָיעזד האָט אױסגעסװישטשעט,
אױ, אױסגעבראָכנ האָט זי א גרױס געװײנ.

אוי, וויינ ניט, מאמע, אוי, וויינ ניט, מוטער,
אז גאָט וועט העלפנ וועל איכ קומענ, אוי, געשווינד;
דו זאָלסט מיר, אוי, וויי, מײַנ שטוב אָפּהיטנ,
דו זאָלסט מיר אָפּהיטנ מײַנ ווײַב אונ קינד.

אוי, ווי מיר זײַנענ אפ דער ערשטער פּאָזיציע געקומענ,
אוי, בלאס בינ איכ געוואָרנ ווי דער טויט;
אוי, זעקס טעג אינ די אָקאָפּעס ליגנ
אונ עסנ דעמ דריטנ טאָג איינ שטיקעלע ברויט.

אוי, ווי מיר זײַנענ צו דער ערשטער פּאָזיציע געקומענ,
אוי, טויב בינ איכ געוואָרנ, ווי די וואנט;
די ערשטע פּוליע האָט מיכ געטראָפנ,
אראָפּגענומענ האָט מיר די רעכטע האנט.

אזויווי מע האָט מיר די רעכטע האנט אראָפּגענומענ,
געבליבנ ליגנ בינ איכ לעמ א ברעג;
די סאניטארנ זײַנענ אָנגעלאָפנ
אונ מיכ צוגענומענ אינ לאזארעט.

נאָר וויינ ניט, מאמע, וויינ ניט, מוטער,
קאָנסט דאָכ מיינענ, אז איכ ליג אליינ;
אלע טאָג ברענגט מענ נײַע ברידערלעכ,
עס ווערט א יאָמער מיט א געוויינ.



# דאָס פערצנטע יאָר

*Moderato con animo*

Dos fer – cn – te jor iz on – ge – ku – men,
oj, oj, oj, oj, oj, oj, oj, dos fer – cn – te jor iz
on – ge – ku – men, in za – pas hot men mix ge – nu – men, oj,
vej, oj, oj, oj, oj, oj, in za–pas hot men
mix ge – nu – men, oj, oj, oj, oj, oj, oj, oj.

דאָס פערצנטע יאָר איז אָנגעקומענ,
אינ זאפאס האָט מענ מיכ גענומענ.

אינ די קארפאטנ זײַנענ מיר געזעסנ,
ברויט מיט וואסער האָבנ מיר געגעסנ.

אפ די פעלדער, גרינע פעלדער,
דאָרטנ ליגט פארוואָרפנ א יונגער זעלנער.

דאָרט ליגט א זעלנער אָן א צורע,
אָן א קאסטן און אָן א קווורע.

ניט קיין אָרן, ניט קיין מיטע,
ניט קיין פאָטער און ניט קיין מוטער.

קומט א פויגל אָן צו פליִען,
אפ זײַן קייווער אָפּצורוען.

אוי, דו פויגל, שווארצער פויגל,
נא דיר די הענט און לאָז אָפּ די אויגן.

אוי, דו פויגל, פלי גיעשווינד,
און זאָג דער מאמען, איך בין געזונט.

פון דעם טויט זאָלסטו איר ניט זאָגן,
ווײַל זי וועט נעבעך וויינען און קלאָגן.

קומט דער פויגל צו פליִען אהיים,
און טרעפט מײַן מאמען טרויעריק שטיין.

— וואָס־זשע וויינסטו, געטרײַע מוטער,
אים איז פינצטער און דיר איז ביטער.

— וויִאזוי זאָל איך ניט וויינען און קלאָגן,
אז מע האָט מײַן קינד געטאָן פאריאָגן.

איך בין געבליבן אן אלמאָנע, און צו דערצו נאָך בלינד,
מ׳האָט פארטריבן מײַן איין און איינציק קינד.

— ווען די זאמד וועט צערונען ווערן,
דענסטמאָלט וועט זיך צו דיר דײַן קינד אומקערן.

— און די זאמד איז שוין אנטרונען,
און מײַן קינד וועט אהיים ניט קומען.

אָן א קאסטן, אָן א מיטע,
אָן א פאָטער און אָן א מוטער.

נאָר דאָס פערדל דאָס געטרײַע
האָט באלייט אים צו דער לעווײַע,



# קליפ־קלאפ

*Allegro*

Klip- -klap! In gol – dn tir, maj – ne li – be,
e – fn mirl Šlo – fn šlof ix a – fi – le nit, nor
e – fe – nen vel ix a – va – de nit.

— קליפ־קלאפ אינ גאָלדנ טיר,
מײַנע ליבע, עפנ מיר!
— שלאָפנ שלאָפ איכ אפילע ניט,
נאָר עפענענ װעל איכ אװאדע ניט.

— װוהינ־זשע זאָל איכ רײַטנ,
אז מע שלאָפט באלײַטנ?
דער רעגנ גײט, דער װינט װײט,
איכ װעל פארנעצנ מײַנ זײַדנ קלײד.

— נעמ דײַנ קלײד אונטערנ האנט,
גײ אװעק אינ טיפנ װאלד,
אינ טיפנ װאלד, אינעמ גרינעמ גראָז,
שלאָפ זיכ אויס, װי א יונגער האָז.

— מיט װאָס זאָל איכ זיכ צודעקנ,
אונ װער װעט מיכ דאָרט אופװעקנ?
— דער בלאט פונ בוימ װעט דיכ צודעקנ,
די שײַנ פונעמ טאָג װעט דיכ אופװעקנ.



# דו מיידעלע, דו פײַנס

*Moderato*

Du mej – de – le du fajns, du mej – de – le du šejns,

x'vel dix e – pes fre – gn a re – te – niš a klejns:

vos iz he – xer fun a hojz, vos iz flin – ker

fun a mojz?

דו מיידעלע, דו פײַנס,
דו מיידעלע, דו שיינס,
כ'וועל דיכ עפּעס פרעגנ
א רעטעניש א קליינס:
וואָס איז העכער פונ א הויז?
וואָס איז פלינקער פונ א מויז?

דו, נארישער באָכער,
דו, נארישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיינ סייכל
אינ דײַנ קאָפּ:
דער רויכ איז העכער פונ א הויז,
די קאצ איז פלינקער פונ א מויז.

דו מיידעלע, דו פײַנס,
דו מיידעלע, דו שיינס,
כ׳וועל דיך עפּעס פרעגן
א רעטעניש א קליינס:
וואָס פליט אָן פליגל?
און וואָס איז געמויערט אָן ציגל?

דו, נארישער באָכער,
דו, נארישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיין שׂכל
אין דײַן קאָפּ:
שניי פליט דאָך אָן פליגל,
דער פראָסט איז געמויערט אָן ציגל.

דו מיידעלע, דו פײַנס,
דו מיידעלע, דו שיינס,
כ׳וועל דיך עפּעס פרעגן
א רעטעניש א קליינס:
וואָס איז רויטער פון א פלאם?
און וואָס איז געטרײַער פון א מאן?

דו, נארישער באָכער,
דו, נארישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיין שׂכל
אין דײַן קאָפּ:
די פאַן איז רויטער פון א פלאם,
און א טאטע איז געטרײַער פון א מאן.



# בא א טײַכעלע

*Moderato*

Ba a taj-xe-le vakst a bej-me-le,
vak-sn af dem cvaj-gn. Mit a-le-men
red-stu, mit a-le-men bi-stu frajnt-lex, nor mir
hej-stu švaj-gn, mit švaj-gn.

בא א טײַכעלע וואקסט א ביימעלע,
וואקסנ אפ דעם צווײַגנ;
מיט אלעמענ רעדסטו,
מיט אלעמענ ביסטו פרײַנטלעכ,
נאָר מיר הייסטו שווײַגנ.

בא א טײַכעלע וואקסט א ביימעלע,
וואקסנ אפ דעם בלומענ;
פרעג איכ דיכ, ליבסטער,
ווענ וועסטו קומענ,
וועסטו שוינ אמאָל קומענ?

בּא א טײַכעלע וואקסט א בּיימעלע,
וואקסנ אפּ דעמ בּלעטער;
אוי, פּרעג איכ דיכ, ליבּסטער,
ווענ ווערסטו קומענ, —
לייגסטו אלצ אָפּ אפּ שפּעטער.



# זע, נעכאמעלע

*Allegro*

Ze. Ne-xa-me-le, e-fn mir! X'hob moj-re far majn ma-men. Ze, Ne-xa-me-le, e-fn mir, ix vel zix gor nit za-men.

— זע, נעכאמעלע, עפֿנ מיר!
— כ׳האָב מוירע פֿאר מײַנ מאמענ...
— זע, נעכאמעלע, עפֿנ מיר,
כ׳וועל זיכ גאָר ניט זאמענ!

— זע, נעכאמעלע, עפֿנ מיר!
— כ׳האָב מוירע פֿאר מײַנ טאטנ...
— זע, נעכאמעלע, עפֿנ מיר,
ס׳וועט דיר גאָרניט שאטנ!

— זע, נעכאמעלע, עפֿנ מיר!
— כ׳האָב מוירע פֿאר מײַנ שוועסטער...
— זע, נעכאמעלע, עפֿנ מיר,
איכ בינ בא דיר דער בעסטער!

— זע, נעכאמעלע, עפֿנ מיר!
— כ׳האָב מוירע פֿאר מײַנ ברודער...
— זע, נעכאמעלע, עפֿנ מיר,
כ׳וועל ניט מאכנ קײנ גערודער!

— זע, נעכאמעלע, עפנ מיר!
— כ׳האָב מוירע פאר מײַנ זיידנ...
— זע, נעכאמעלע, עפנ מיר,
ס׳ועט זײַנ גוט פאר אונדז ביידנ!

— זע, נעכאמעלע, עפנ מיר!
— כ׳האָב מוירע פאר מײַנ פעטער...
— זע, נעכאמעלע, עפנ מיר,
כ׳וועל ניט קומענ שפעטער!

— זע, נעכאמעלע, עפנ מיר!
— כ׳האָב מוירע פאר מײַנ מומענ...
— זע, נעכאמעלע, עפנ מיר,
כ׳וועל שוינ מער ניט קומענ!



# ליג איך מיר אין בעטעלע



















ליג איך מיר אין בעטעלע,
לעש מיר אויס דאָס פײַער,
באלד וועט ער קומען צו מיר,
דער, וואָס איז מיר טײַער.

באנען לויפן צוויי א טאָג,
איינער לויפט אינאָוונט,
איך הער די גלאָקן: קלינג־קלינג־קלאנג!
אוי, ער איז שוין נאָענט!

איך הער, מע קלאפט מיר אין מיין טיר,
מע רופט מיך אָן באם נאָמען,
איך שפרינג ארויס א באָרוועסע, —
יאָ, ער איז געקומען!



# קומט דער ליבער זומער













קומט דער ליבער זומער,
שפּילן מיר אין זאמד,
ווּ ס׳איז אונדזער וווינונג,
דאָרט איז אונדזער לאנד.

שווארצע קארשן רײַסן מיר,
רויטע לאָזן מיר שטיין,
שיינע כאסאנים נעמען מיר,
מיִעסע לאָזן מיר גיין.

האָלץ איז אין וואלד,
וואסער איז אין הויז, —
אלע פוילע באָכערים
פון שטאָט ארויס!



# זיצ איכ מיר אפנ בענקעלע

*Moderato*

Zic ix mir a – fn ben – ke – le

un far – flext mir maj – ne he – re – lex, gejt far – baj, oj, a

šnaj – der- jung un zogt, az ix bin nit er – lex.

זיצ איכ מיר אפנ בענקעלע
אונ פארפלעכט מיר מײַנע הערעלעכ,
גײט פארבײַ, אוי, א שנײַדער־יונג
אונ זאָגט, אז איכ בינ נישט ערלעכ.

ער זאָגט, אז ס׳איז טינט,
אונ איכ זאָג, אז ס׳איז פענעס;
ער זאָגט, אז ער האָט מיכ ליב,
אונ איכ זאָג, אז ס׳איז ניט עמעס.

זיצ איכ מיר אפנ פענצטערל
אונ פארקעמ מיר מײַנע הערעלעכ,
גײט פארבײַ, אוי, א שוסטער־יונג
אונ זאָגט, אז איכ בינ ניט ערלעכ.

ער זאָגט, אז ס׳איז אש,
אונ איכ זאָג, אז ס׳איז קוילנ;
ער זאָגט, אז ער וועט מיכ נעמענ,
אונ איכ זאָג, ער וועט נישט פוילנ.



# די מאמע איז געגאנגענ

*Allegretto*

Di mame iz gegangen in mark arajn nox kojln,
hot zi mir gebraxt a jingele a vojln.
Oj, iz dos a jingele, a šejns un a fajns,
mit di švarce ojgelex, kecele majns!

די מאמע איז געגאנגענ
אינ מארק ארײַנ נאָכ קױלנ,
האָט זי מיר געבראכט
א ייִנגעלע א װױלנ.
אױ, איז דאָס א ייִנגעלע,
א שײנס אונ א פֿײַנס,
מיט די שװארצע אײגעלעכ,
קעצעלע מײַנס!

די מאמע איז געגאנגענ
אינ מארק ארײַנ נאָכ קרױט,
האָט זי מיר געבראכט
א ייִנגעלע פונ בױד.

אוי, איז דאָס א ייִנגעלע,
א שיינס און א פײַנס,
מיט די ווײַסע ציינדעלעך,
קעצעלע מײַנס!

איך האָב געגעסן מאנדלען,
איך האָב געטרונקען ווײַן,
איך האָב געליבט א ייִנגעלע,
איך קאָן אָן אים נישט זײַן.
אוי, איז דאָס א ייִנגעלע,
א שיינס און א פײַנס,
מיט די שווארצע הערעלעך,
קעצעלע מײַנס!



# גיי איכ מיר שפּאצירנ

*Moderato*

Gej ix mir špa – ci – rn, tra la la la la la la,
gej - ix mir špa – ci – rn, tra la la, tra la la la, ba –
ge – gnt mix a bo – xer, a – ha, a – ha, ba –
ge – gnt mix a bo – xer, a – ha, a – ha!

גיי איכ מיר שפּאצירנ —
טרא־לא־לא־לא־לא־לא!
גיי איכ מיר שפּאצירנ
טרא־לא־לא־לא־לא־לא!
באגעגנט מיכ א באָכער — אהא, אהא!
בּאגעגנט מיכ א בּאָכער — אהא, אהא!

ער זאָגט, ער וועט מיכ נעמענ —
טרא־לא־לא־לא־לא־לא!
ער זאָגט, ער וועט מיכ נעמענ —
טרא־לא־לא־לא־לא־לא!

ער לייגט עס אָפּ אפ זומער — אהא, אהא !
ער לייגט עס אָפּ אפ זומער — אהא, אהא !

דער זומער איז געקומענ —
טרא־לא־לא־לא־לא־לא !
דער זומער איז געקומענ —
טרא־לא־לא־לא־לא־לא !
ער האָט מיכ נישט גענומענ — אהא, אהא !
ער האָט מיכ נישט גענומענ — אהא,אהא !



# טיפ אינ וועלדעלע

*Andante*

Tif in vel - de - le štejt a bej - me - le,
un di cvaj - ge - lex bli - - en,
un ba mir, —— o - rem šnaj - de - rl,
tut majn her - ce - le ci - en.

טיפ אינ וועלדעלע שטייט א ביימעלע,
אונ די צווייַגעלעכ בליִענ;
אונ בא מיר, אָרעמ שנייַדערל,
טוט מייַנ הערצעלע ציִענ.

אפנ ביימעלע וואקסט א צווייַגעלע,
אונ די בלעטעלעכ צוויטענ;
אונ מייַנ אָרעמ, שוואכ הערצעלע,
ציט צו מייַנ ליבער איטענ.

אפנ צווייַגעלע שטייט א פייגעלע,
אונ דאָס פייגעלע פישטשעט;
אונ בא מיר, אָרעמ שנייַדערל,
מייַנ שוואכ הערצעלע טרישטשעט.



# איכ גיי ארויס גאנצפרי

*Allegretto*

Ix gej a – rojs ganc – fri, —— tir un to – jer cu, —— ix gib nor a kuk af dajn šo — tn, mejn ix, az dos bi — stu. ——

איכ גיי ארויס גאנצפרי,
טיר אונ טויער צו,
איכ גיב נאָר א קוק אפ דײַנ שאָטנ,
מיינ איכ, אז דאָס ביסטו.

שווארצ, שווארצ, שווארצ,
שווארצ ביסטו, ווי א ציגײַנער,
א האָפענונג האָב איכ צו גאָט,
אז דו וועסט בלײַבנ מײַנער.

שווארצע קארשנ רײַסט מענ,
רויטע לאָזט מענ שטיינ,
שיינינקע מיידעלעכ ליבט מענ,
אונ מיִעסע לאָזט מענ גיינ.

גלאָז, גלאָז, גלאָז,
גלאָז האָט אויכ א קלונג,
א מיידעלע שפּילט א ליבע,
שפּײַט זי אויס די לונג.



# האמאוודיל ביינ קוידעש

*Moderato*

Ha - mav - dil bejn koj - deš, mit a mej - de - le iz a - le soj - des. Far a mej de - le iz a - le za - xn, mit a mej - de - le iz gut cu la - xn, gut cu ku - šn.

האמאוודיל ביינ קוידעש —
מיט א מיידעלע איז אלע סוידעס,
פאר א מיידעלע איז אלע זאכנ,
מיט א מיידעלע איז גוט צו לאכנ,
פאר א מיידעלע איז גאָר איינגאנצנ,
מיט א מיידעלע איז גוט צו טאנצנ,
מיט א מיידעלע איז גוט צו שמועסנ,
אוי, א מיידעלע איז גוט צו קושנ!



# שווארצ ביסטו, שווארצ

*Andante*

Švarc bis – tu, švarc, o – ber mit xejn; far
ve – men du bist mi – es, far mir bi – stu šejn! Ci du
libst mix jo, ci du libst mix – nejn,
lo – mir xoč bej – de špa – ci – rn gejn.

שווארצ ביסטו, שווארצ,
אָבער מיט כיינ;
פאר וועמענ דו ביסט מיִעס,
פאר מיר ביסטו שיינ!
צי דו ליבסט מיכ יאָ,
צי דו ליבסט מיכ — ניינ,
לאָמיר כאָטש ביידע שפאצירנ גיינ.



# דער טאטע איז געפאָרן

*Moderato*

Der ta – te iz ge – fo – rn kejn Bal – te, der ta – te iz ge – fo – rn kejn Bal – te, hot er mir ge – kojft a baj – ke, hot er mir ge – kojft a baj – ke.

דער טאטע איז געפאָרן קיין באלטע,
האָט ער מיר געקויפט א בײַקע,
האָט ער מיר געקויפט א בײַקע.

— וויפל האָט ער באצאָלט פאר דער בײַקע?
— צוויי מיט א האלבן טאָלער, מאמע, דײַקע,
האָט ער באצאָלט פאר דער בײַקע.

— ווער וועט דיר נייען די בײַקע?
— סאָרע די מאָדיסטקע, מאמע, דײַקע,
זי וועט מיר נייען די בײַקע.

— ווען וועסטו אָנטון די בײַקע?
— שאַבעס נאָכן קוגל, מאמע, דײַקע,
וועל איך אָנטון די בײַקע.

— ווּ וועסטו גיין מיט דער בײַקע?
— אין דעם גרינעם וועלדל, מאמע, דײַקע,
וועל איך גיין מיט דער בײַקע.

— מיט וועמען וועסטו גיין אין דער בײַקע?
— מיט א שיינעם באָכער, מאמע, דײַקע,
וועל איך גיין אין דער בײַקע.

— וואָס וועט זײַן דער סאָף פון דער בײַקע?
ער וועט מיך טאקע נעמען, מאמע, דײַקע,
דאָס וועט זײַן דער סאָף פון דער בײַקע.



# פאפיר איז דאָך ווײַס

*Moderato con animo*

Pa – pir iz dox vajs, un tint iz dox
švarc, cu dir, majn zis le – bn,
cit dox majn harc! X'volt šten – dik ge –
ze – sn draj teg nox – a – nand, cu
ku – šn dajn šejn po – nem un cu hal – tn dajn hant.

פאפיר איז דאָך ווײַס און טינט איז דאָך שווארץ,
צו דיר, מײַן זיס לעבן, ציט דאָך מײַן הארץ!
כ'וואָלט שטענדיק געזעסן דרײַ טעג נאָכאנאנד,
צו קושן דײַן שיין פּאָנעם און צו האלטן דײַן האנט.

אוי, דאמלסט וואָלט איך געוווסט פון א וועלט,
כ'וואָלט שטענדיק געארבעט, געאקערט אין פעלד;
מיט פיל פארגעניגן וואָלט איך מיט דיר פארבראכט,
כ'וואָלט געזעסן מיט דיר באטאָג און באנאכט.

נעכטן באנאכט בין איך אפּ א כאַסענע געווען,
פיל שיינע מיידעלעך האָב איך דאָרטן געזען;
פיל שיינע מיידעלעך, צו דיר קומט נישט גאָר,
צו דײַנע שווארצע אייגעלעך, צו דײַנע שווארצע האָר.

דײַן טאַליע, דײַן מינע, דײַן איידעלער פּאַסאָן,
אין הארצן ברענט א פײַער, מע זעט עס ניט אָן;
נישטאָ אזא מענטש, וואָס זאָל פילן ווי עס ברענט, —
דער טויט אונ דאָס לעבן איז בא גאָט אין די הענט.

אך, דו ליבער גאָט, ווארף מיך נישט אראָפּ,
גלײַך מיך ניט צו קיין ביימעלע אונ ניט צו קיין סלופּ!
דאָס ביימעלע, אז עס בליט, איז דאָך זייער שיין, —
ווי העלפט מיר שוין גאָט מיט איר צו דער כופּע צו גיין!



# פונוואנענ הייבט זיכ אָנ א ליבע

*Moderato*

Fun va - nen hejbt zix on a li - be? Fun
rej - dn, fun śmue - sn, fun la - xn.
Und - zer li - be hot zix on - ge - hoj - bn gor fun an - de - re
za - - xn.

פונוואנענ הייבט זיכ אָנ א ליבע ?
פונ ריידנ, פונ שמועסנ, פונ לאכנ.
אונדזער ליבע האָט זיכ אָנגעהויבנ
גאָר פונ אנדערע זאכנ.

דאָרט גייענ זיכ פּאָרעלעכ צוויי,
דאָרט גייענ זיכ פּאָרעלעכ צוויי,
ליבנ ליבנ זיי זיכ זייער —
ס'איז ניטאָ קיינ גלייַכנ צו זיי.

— גענוג שוינ מיט מיר צו ריידנ,
גענוג שוינ מיט מיר צו שמועסנ,

פיר מיך שוין אָפּ אהיים,
דער טאטע וועט די טיר פארשליסן.

— אהיים, לובטשו, וועל איך דיך אָפּפירן,
באם גלעקעלע וועסטו אָנקלינגען,
א ליד וועל איך אויס אונדז ביידן מאכן,
די גאנצע וועלט זאָל פון אונדז זינגען!



# אינדרויסנ, מאמעליו

*Andante*

In drojsn, mamelu, hot zix farxmaret,
un in štub iz fincter, vi n'a grub.
Dem emes vejstu, majn tajer mamelu,
az ix hob im emes lib, emes lib.

אינדרויסנ, מאמעליו, האָט זיכ פארכמארעט,
אונ אינ שטוב איז פינצטער, ווי נ׳א גרוב;
דעמ עמעס ווייסטו, מײַנ טײַער מאמעליו,
אז איכ האָב אימ עמעס ליב.

איכ האָב אימ ליב, איכ האָב אימ ליב,
איכ קאָנ אָנ אימ נישט לעבנ קיינ איינ מינוט;
אונ אז איכ זע אימ ניט פאר מײַנע אייגעלעכ,
טריפנ טריפט זיכ מיר טײַכנ בלוט.

די לעוואָנע שײַנט, די לעוואָנע שײַנט,
אונ ארומ איר שטערנדלעכ גאָר פײַנ;
גרויסער גאָט, פארלעש דאָס ליכטעלע,
זאָל עס ווי מײַנ מאזל זײַנ.



# נא דיר, מײַן טעכטערל

*Andantino*

Na dir, majn te-xte-rl, a baj-če-le ka-re-ln, az ve-men me vet dir rej-dn, zol dir zajn ge-fe-ln.
Oj, ix darf ništ, ma-me, kejn baj-če-le ka-re-ln, nor dem ej-nem, vos er zol mir ge-fe-ln.

— נא דיר, מײַן טעכטערל,
א בײַטשעלע קארעלן,
אז וועמען מע וועט דיר ריידן,
זאָל דיר זײַן געפעלן.

— אוי, איך דארף נישט, מאמע,
קיין בײַטשעלע קארעלן,
נאָר דעם איינעם,
וואָס ער זאָל מיר געפעלן.



# א קלייניטשקער ווינטעלע

*Moderato*

A klej – nič – ker vin – te – le hot ge – ton far – ve – jen ... Di

li – be, zi hot nit kejn ge – fil, oj, oj! Ix

ken nit šte – jen, af maj – ne fis nit ge – jen, oj

vej, ——— di li – be iz nit gut! De –

rum bin ix me – ka – ne je – de – rn ba – zun – der,

der vos vejst fun kejn li – be nit. dos

koj – let ojs a velt mit jun – ge kin – der, oj! Di

li – be iz nit gut!

א קלײנישקער װינטעלע
האָט געטאָן פּאַרװײען...
די ליבע, זי האָט נישט קײן געפיל, אױ, אױ!
איך קען ניט שטײן,
אױף מײַנע פיס ניט גײן,
אױ, װײ, די ליבע איז ניט גוט!

דערום בין איך מעקאַנע יעדערן באַזונדער,
דער, װאָס װײסט פון קײן ליבע ניט, —
דאָס קױלעט אױס א װעלט מיט יונגע קינדער,
אױ, די ליבע איז ניט גוט!

בײס איך בין א מײדל געװען,
מיט מײַן שײנעם שעם,
דאָס איז געװען בא מיר טײַערער פון געלט, אױ, אױ!
און איצט בין איך באַלײדיקט,
באַלײדיקט געװאָרן
איבער דער גאַנצענער װעלט.

דערום בין איך א.א.װ.

צי פעלט דיר דײַן עסן,
צי פעלט דיר דײַן טרינקען,
צי פעלט דיר דײַן שײנער־רײנער גאַנג, אױ, אױ!
מיר פעלט נישט מײַן עסן,
מיר פעלט נישט מײַן טרינקען,
נאָר גיט־זשע מיר, װעמען איך פאַרלאַנג!

דערום בין איך מעקאַנע א.א.װ.



# די מאמע קאָכט װארעניקעס

*Allegretto*

Di ma-me koxt va-re-ni-kes, un ix bin gor
flej-šik; der-ze ix a šejn mej-de-le, krig ix cu ir
xej-šek. La la la la la la la la la la la
la, la la la la la la la la la la la la.

די מאמע קאָכט װארעניקעס,
אונ איכ בינ גאָר פלײשיק;
דערזע איכ א שײנ מײדעלע,
קריג איכ צו איר כײשעק.
לא־לא, לא־לא, לא־לא־לא,
לא־לא, לא־לא, לא־לא־לא!

מיר געפעלט דאָס מײדעלע,
מײַנ מאמע אינדערמיט;
איכ האָב ליב דאָס מײדעלע,
מײַנ מאמע װיל דאָכ ניט.

שיין איז דאָס מיידעלע,
ווי די גאַנצע וועלט,
נאָר אַ כעסאָרן האָט זי דאָך,
זי האָט דאָך ניט קיין געלט.

געלט איז דאָך קײַלעכיק,
עס קײַקלט זיך אַוועק;
נעם איך מיר מײַן מיידעלע
און פאָר מיט איר אַוועק.

איך פאָר מיט איר אַוועק
אין דער שטאָט אָדעס;
איך שטעל מיט איר אַ כופּע
אין איינע מעסלעס.

לאַ־לאַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ,
לאַ־לאַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ!



# זי זיצט זיכ אינ פענצטער

*Moderato*

Zi zict zix in fen – cter un kemt zix di he – re – lex, far
ve – men zi iz ce – lo – zn, far mir iz zi er – lex. Oj
vej, a jo – mer, oj vej, a klog! Ni –
to die šej – ne Ro – xe – le biz hajn – ti – kn tog.

זי זיצט זיכ אינ פענצטער
אונ קעמט זיכ די הערעלעכ;
פאר וועמענ זי איז צעלאָזנ —
פאר מיר איז זי ערלעכ.

אוי, וויי, א יאָמער,
אוי, וויי, א קלאָג!
ניטאָ די שיינע ראָכעלע
ביז הײַנטיקנ טאָג!

לעבט מיט די ציגנער
טוענ זיי ריידנ, —
אונ איכ מיט מײַנ ראָכעלענ
וועלנ זיכ קיינמאָל ניט שיידנ.

אוי, וויי, א יאָמער א.א.וו.



# אָט דאָרט

*Animato*

Ot dort, ot dort af je – nem ort, af
je – nem ort, šte-jen zix fei-ge-lex cvej, oj cvej! Zej
šmue-sn zix, zej ku-šn zix, zej ku-šn six, zej li-ben zix, ax,
vos far a far-ge-ni-gn ho-bn zej, oj zej! Zej
šmue-sn zix, zej ku-šn zix, zej ku-šn six, zej li-bn zix. Ax,
vos far a far-ge-ni-gn ho-bn zej, oj zej!

אָט דאָרט, אָט דאָרט אַף יענעם אָרט,
שטייען זיך פייגעלעך צוויי, אוי, צוויי!
זיי שמועסן זיך, זיי קושן זיך,
זיי קושן זיך, זיי ליובען זיך,
אַך, וואָס פאַר א פאַרגעניגן האָבן זיי, אוי, זיי!
זיי שמועסן זיך, זיי קושן זיך,
זיי קושן זיך, זיי ליובען זיך,
אַך, וואָס פאַר א פאַרגעניגן האָבן זיי, אוי, זיי!



# דו זאָלסט נישט גיין

*Andante*

Du zolst ništ gejn mit kejn an - de-re mej-de-lex,
du zolst nor gejn, ——— lu - be - ńu, mit mir, ———
du zolst ništ gejn cu dajn ma - me - ńu in štub a - rajn, nor
ku - men zol - stu, lu - be, nor - cu mir. Tra la la la la,
tra la la la la

דו זאָלסט נישט גיין מיט קיין אנדערע מיידעלעך,
דו זאָלסט נאָר גיין, ליובעניו, מיט מיר;
דו זאָלסט נישט גיין צו דיין מאמעניו אין שטוב אריין,
נאָר קומען זאָלסטו, ליובע, נאָר צו מיר.

טראַ־לאַ־לאַ....

— ווּ איז דאָס געסעלע, ווּ איז דאָס שטיבעלע,
ווּ איז דאָס יינגעלע, וואָס איך האָב ליב?
— נישטאָ דאָס געסעלע, נישטאָ דאָס שטיבעלע,
נישטאָ דאָס יינגעלע, וואָס איך האָב ליב.

טרא־לא־לא...

א ליבע פאנגט זיך אָן פון א שמייכל,
פון א שמייכל ביז צו א קוש;
עס נעמט אוועק באם קליגסטן דעם סייכל,
דאָס קליגסטע מיידעלע מאכט דאָס צו נישט.

טרא־לא־לא...



# לאָמיר זיכ איבערבעטנ

*Allegretto*

Lo – mir zix i – ber – be – tn. i – ber – be – tn,
hob af mir rax – mo – nes, hob af mir rax
mo – nes, lo – mir zix i – ber – be – tn,
x'hob dix lib sa – ko – nes. ko – nes.

לאָמיר זיכ איבערבעטנ, איבערבעטנ,
האָב אפֿ מיר ראכמאָנעס,
לאָמיר זיכ איבערבעטנ,
כ׳ האָב דיכ ליב סאקאָנעס.

לאָמיר זיכ איבערבעטנ, איבערבעטנ,
וואָס שטייסטו פאר דער טיר?
לאָמיר זיכ איבערבעטנ,
קום אריינ צו מיר.

לאָמיר זיכ איבערבעטנ, איבערבעטנ,
איכ בעט דיכ, זײַ מיר מויכל,

לאָמיר זיך איבערבעטן,
גיב צו מיר א שמייכל.

לאָמיר זיך שוין איבערבעטן, איבערבעטן,
אָט דאָ בא דעם פענצטער,
לאָמיר זיך שוין איבערבעטן,
דו ביסט בא מיר דער שענסטער.

לאָמיר זיך שוין איבערבעטן, איבערבעטן,
אָט דאָ בא דעם לאָדן,
לאָמיר זיך שוין איבערבעטן,
נא דיר א שטיקל פלאָדן.

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
לאָז די מאמע וויסן,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
לאָמיר זיך צעקושן.



# אכ, מענטשנ

*Moderato*

Ax, men – čn, ir men – čn, ix tu ajx ba – šve – rn, ix tu ajx ba – šve – rn, ir zolt fun majn le – bn dos li – dl ojs – he – rn, ir zolt fun majn le – bn dos li – dl ojs – he – rn.

אכ, מענטשנ, איר מענטשנ,
איכ טו אײַכ באשווערנ,
איר זאָלט פונ מײַנ לעבנ
דאָס לידל אויסהערנ:

אז איכ בינ געוועזנ
א מיידעלע א קליינינקע,
בינ איכ געוועזנ
זייער א שיינינקע.

אז לײַט האָבנ געזענ,
אז איכ בינ שיינ,
האָבנ אָנגעהויבנ שאדכאָנימ
צו מיר גיינ.

נאָר אז איכ בינ געוואָרנ
אכצנ יאָר אלט,

דאָ האָט זיך פֿאַרביטן
מײַן שײן געשטאַלט.

אַז איך האָב געטון
די ליבע דערקענען,
אַ פֿײַער האָט געטון
מײַן האַרץ פֿאַרברענען.

אַז איך האָב געטון
די ליבע דערשפּירן,
דעם גלאַנץ פֿון מײַן פּאָנעם
האָב איך געטון פֿאַרלירן.

װען איך דערמאָן מיך,
כאַפּט מיך אָן שרעק,
אַז מײַן געליבטער
איז פֿון מיר אַװעק.

פֿישעלעך אין װאַסער
טוען נאָר לױפֿן,
ליבע פֿאַר געלט
קריגט מען נישט צו קױפֿן.

פֿישעלעך אין װאַסער
טוען נאָר שװימען,
איך זוך מײַן גליק
און קען עס נישט געפֿינען.



# שפּילט־זשע מיר



















שפּילט־זשע מיר דעם נײַעם שער,
וואָס איז אַרויסגעקומען;
כ׳האָב מיך פֿאַרליבט אין אַ ייִנגעלע אַ שיינעם,
כ׳קאָן צו אים ניט קומען.

כ׳וואָלט צו אים געקומען,
וויינט ער זייער ווײַט;
כ׳וואָלט דאָך אים א קוש געגעבן,
שעמ איך זיך פאר לײַט.
נישט אזוי פאר לײַט,
ווי פאר גאָט אליין,
כ׳וואָלט מיט אים פארבראכט די צײַט,
אז קיינער זאָל נישט זען.

שפּילט־זשע מיר דעמ נײַעמ שער,
וואָס איז ארויסגעקומען;
כ׳האָב מיך פארליבט אין א יינגעלע א שיינעמ,
כ׳קאָן צו אים נישט קומען.
קומ־זשע צו מיר גיכער,
איך ווארט אפ דיר שוין לאנג;
קומ־זשע גיך אריבער,
מע זאָל נישט הערן דײַן גאנג.
פיר איך דיך אין שטיבעלע
פון מײַן מאמען אליין;
כאָסן־קאלע וועלן מיר זײַן,
און צו דער כופּע גיין.



# אונטער א קלײנ בײמעלע

*Allegretto*

Un – ter a klejn bej – me – le zi – cn jin – glex cvej, zej re – dn fun a mej – de – le, kejn zax ki – mert zej, zej zej.

*Fine*

Der – cejlt ej – ner di ni – sim – lex, vos er hot ge – hat, xapt der an – de – rer a – rojs, der – cejlt es a – ku – rat. rat

*Da Capo al Fine*

אונטער א קלײנ בײמעלע
זיצנ יינגלעכ צװײ,
זײ רעדנ פונ א מײדעלע,
קײנ זאכ קימערט זײ.

דערצײלט אײנער די ניסימלעכ,
װאָס ער האָט געהאט,
כאפּט דער אנדערער ארױס,
דערצײלט עס אקוראט.

אונטער א קלײנ בײמעלע א.א.װ.

ער פֿלעגט, זאָגט ער, גאַנצע טעג
אומגיין אומגעגעסן,
דאָרטן, וווּ זי האָט געוווינט,
שאָען אָפּגעזעסן.

אונטער אַ קליין ביימעלע א.א.וו.

שטורעם־ווינט, און רעגן־שניי —
קיין זאַך ניט געשראָקן,
און די מאַמע אינדערהיים,
געוואַרט האָט מיט אַ פּלאָקן.

אונטער אַ קליין ביימעלע א.א.וו.

און דער טאַטע צו דערצו
מיט דעם פּאַס דעם גרויסן,
אויסגעקלאַפּט די ביינדעלעך,
אַרויסגעיאָגט אינדרויסן.

אונטער אַ קליין ביימעלע א.א.וו.



# איכ האָב געשפּילט א ליבע

*Moderato*

Ix hob ge-špilt a li - be, x'hob ge-firt a ro - le.
x'hob ge - firt a ro - le, x'hob cu-ge-zogt a jin - ge - le, az
ix vel zajn zajn ka - le. X'hob ix vel zajn zajn ka le.

איכ האָב געשפּילט א ליבע,
כ'האָב געפירט א ראָלע;
כ'האָב צוגעזאָגט א יינגעלע,
אז איכ וועל זײַנ זײַנ קאַלע.

ניט אזוי א קאַלע,
ווי אנ אײגנ ווײַב;
צאָרעס אונ שמערצנ
טראָג איכ אפ מײַנ לײַב.

צאָרעס אונ שמערצנ
קאָנ קײנ דאָקטער הײלנ,
דעם גרונט פונ מײַנ הארצנ
קאָנ איכ קײנעם ניט דערצײלנ.

זיץ איך מיר אין ווײַנגאָרטן,
דער רעגן גיסט אַף מיר,
אַזוי ווער איך אָן
מײַן שיינעם קאָליר.

ניט אַזוי דעם קאָליר,
ווי די ראָזע בעקלעך;
מײַנע שמערצן אין מיר
זײַנען זייער שרעקלעך.

מײַנע שמערצן אין מיר
קען קיין דאָקטער היילן,
די צאָרעס פון מײַן הארצן
קאָן איך קיינעם ניט דערציילן.



# דאָרטן אַפ דעם בערגעלע

*Andante*

Dor – tn af dem ber – ge – le štejt nox a bej-me – le, dos

bej - me – le z'šojn lang ajn – ge – boj – gn, dos boj – gn,

dor – tn štejt nox majn ge – tra – je ka – le mit

i – re ojs – ge – vejn – te oj – gn.

דאָרטן אַפ דעם בערגעלע שטייט נאָכ א ביימעלע'
דאָס ביימעלע ז'שוין לאנג איַינגעבויגנ,
דאָרטנ שטייט נאָכ מיַינ געטריַיע קאלע
מיט אירע אויסגעוויינטע אויגנ.

וויינ נישט, קרוינעשי, וויינ נישט, דושעניו,
כ'וועל נאָכ צו דיר צוריק קומענ!
זאָלסט ניט הערנ, וואָס לייַט רעדנ,
בא מיר האָסטו כיינ געפונענ.

מיַינע עלטערנ טוענ מיכ בעטנ,
כ'זאָל שוינ אָנ דיר פארגעסנ.
ניט איינ וואסערל וועט פארביַילויפנ,
אונדזער ליבע וועט קיינער נישט פארלעשנ.

— וואָס טויג מיר די רייד, וואָס נוצט מיר דײַנ טרייסטנ,
איכ קענ שוינ דײַנ ליבע נישט גלייבנ —
א בריוועלע האָסטו מיר שוינ לאַנג געשריבנ,
אז דו מוזט זיכ מיט מיר צעשיידנ.

— א בריוועלע האָב איכ טאקע דיר געשריבנ,
איכ האָב אויכ געהאט א מיינ דערבײַ,
כ'האָב גאָר געמיינט דיכ אויסצופּרובירנ,
צי דו ביסט מיר עמעסדיק געטרײַ.

איכ וועל מיר אויכ אנ אייצע געבנ,
אונדזער ליבע זאָל קומענ צו א צוועק,
כ'וועל פארקויפנ אלצ, וואָס מיר האָבנ,
אונ פונדאנענ וועלנ מיר אוועק.



# מײַנע שאבאָסימ

*Moderato*

Maj-ne ša-bo-sim un maj-ne jon-toj-vim
zaj-nen mir ge-vo-rn far-štert. ——
zaj-nen mir ge-vo-rn far-štert. —— zint ix hob dajn
li-be der-kent, ligt mir majn po-nem in der erd. ——

מײַנע שאבאָסימ אונ מײַנע יאָנטויווימ
זײַנענ מיר געוואָרנ פארשטערט,
זינט איכ האָב דײַנ ליבע דערקענט,
ליגט מיר מײַנ פאָנעמ אינ דער ערד.

איכ עס ניט, איכ טרינק ניט, איכ שלאָפ ניט קײנ נעכט,
איכ טו נאָר בענקענ נאָכ דיר,
מיסטאמע האָסטו שוינ אנ אנדערע אָנ א זײַט,
דו האָסט שוינ פארגעסנ אָנ מיר.

ווענ איכ וואָלט געווענ א פײגעלע פונעמ וואלד,
וואָלט איכ צו דיר געפלויגנ,
ווענ איכ וואָלט געהאט שטריקעלעכ,
וואָלט איכ צו דיר געצויגנ.

ווען איך וואָלט געווען א פּישעלע פונעם וואסער,
וואָלט איך צו דיר געשווומען,
און אז איך וואָלט וויסן, ווּו דו ביסט,
וואָלט איך צו דיר געקומען.

איך בעט דיך בענעמאָנעס, האָב אפּ מיר ראכמאָנעס,
אוי, האָב שוין ראכמאָנעס אפּ מיר!
מאך אופּ מײַן הארץ — ווּעסטו זען מײַן שמארץ,
ווּעסטו שוין קומען צו מיר.



# אוי, וואָס כ׳האָב געוואָלט

*Allegretto*

Oj, vos x'hob ge-volt, hob ix ojs-ge-firt,
zol ix a-zoj le-bn, x'hob ge-volt a
šejn jin-ge-le, hot mir got ge-ge-bn.

אוי, וואָס כ׳האָב געוואָלט, האָב איך אויסגעפירט,
זאָל איך אזוי לעבן!
כ׳האָב געוואָלט א שיין יינגעלע,
האָט מיר גאָט געגעבן.

כ׳האָב געמיינט, אז ער איז שוין מײַן,
כ׳האָב אים שוין באקומען,
איז געקומען א שענער מיידעלע
און האָט אים צוגענומען.



# וויִאזוי קענ איך לוסטיק זײַנ
















וויִאזוי קענ איך לוסטיק זײַנ,
אז פארשטערט זײַנענ מיר מײַנע וועגנ?
אז איך דערמאָנ זיך אָנ זײַנ שײנ פּאָנעמ,
וויִאזוי קענ איך לעבנ?

איך עס אונ טרינק אונ שלאָפ באנאכט,
נאָר מײנ הארצ איז מיר פארטראכט.

וויִאזוי קענ איך לוסטיק זײַנ,
אז פארשטערט זײַנענ מיר מײַנע וועגנ?
אז איך דערמאָנ מיך אָנ זײַנ שײנ פּאָנעמ,
וויִאזוי קענ איך לעבנ?



160—12



# א כאָלעמ

*Con moto*

A xo-lem, a xo-lem hot zix mir ge-xo-lemt, a xo-lem, lu-be, hot zix mir ge-daxt, oj, ge-daxt; mit daj-ne švar-ce oj-gn hostu mix cu-ge-coj gn. un fa a men-čn ho-stu mix ge-maxt.

א כאָלעמ, א כאָלעמ האָט זיכ מיר געכאָלעמט,
א כאָלעמ, ליובע, האָט זיכ מיר געדאכט, אוי, געדאכט:
מיט דײַנע שווארצע אויגנ האָסטו מיכ צוגעצויגנ,
אונ פאר א מענטשנ האָסטו מיכ געמאכט.

איכ עס נישט, איכ טרינק ניט, כ'שלאָפ ניט דורכ די נעכט,
אונ בענקענ, ליובע, בענק איכ נאָכ דיר, אוי, נאָכ דיר!
ווענ איכ דערמאנ זיכ, דושע, אָנ דיר, מײַנ טײַער לעבנ,
גייענ מיר די קויכעס אויס נאָכ דיר.

שפאצירנ, שפאצירנ זײַנענ מיר געגאנגענ
ארומ אונ ארומ דעמ באנ, אוי, דעמ באנ!

געדענקסטו, ליובע שיינע, ווען דו האָסט מיר געשוואָרן,
אז דו וועסט מיך נעמען פאר א מאן?

שפּאצירן, אוי, ליובע זיינען מיר געגאנגען,
אינדרויסן איז געווען א שניי, אוי, א שניי!
געדענקסטו, ליובע שיינע, דו האָסט מיר טריי געשוואָרן?
צום סאָף האָסטו גאָר אנדערע צוויי.



# אוי, א ליבע צו שפּילנ

*Moderato*

Oj, a li – be cu špi – ln iz nit kejn av – le – raj, iz nit kejn av – le – raj, nor ven iz dos ge – redt ge – vo – rn, mit ej – ner, nit mit draj, nor ven iz dos ge–redt ge – vo – rn, mit ej–ner, nit mit draj.

אוי, א ליבע צו שפּילנ
איז ניט קיינ אוולעריי,
נאָר ווענ איז דאָס גערעדט געוואָרנ —
מיט איינער, ניט מיט דריי!

ער קומט צו מיר צו גיינ
אונ קושט מיר אויס די גלידער;
ער גייט אוועק צו אנ אנדער מיידל
אונ זינגט פונ מיר לידער.

ער קומט צו מיר צו גיין
און זאָגט, ער וועט מיך נעמען;
ער גייט אוועק צו אן אנדער מיידל,
און טוט מיך נאָר פֿאַרשעמען.

אוי, א ליבע צו שפּילן
איז דאָך אוואדע קעדײַ,
נאָר ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן—
מיט איינער, ניט מיט דרײַ!

# ער האָט מיר צוגעזאָגט

*Adagio non molto*

Er hot mir cu-ge-zogt, er hot mir cu-ge-zogt, er
hot mir cu-ge-zogt cu ne-men! Er
gejt a-vek cu an an-der mej-dl, tut majn harc kle-men.
Šlof, majn kind, šlof, —— in dajn ta-je-rn šlof... Ven
got vet im ba-co-ln far der fal-šer li-be, dos vet zajn zajn štrof.

ער האָט מיר צוגעזאָגט, ער האָט מיר צוגעזאָגט,
ער האָט מיר צוגעזאָגט צו נעמענ;
ער גייט אַװעק צו אנ אנדער מיידל,
טוט מײַנ הארצ קלעמענ.

שלאָפ, מײַנ קינד, שלאָפ,
אינ דײַנ טײַערנ שלאָפ!
ווענ גאָט וועט אימ באצאָלנ
פאר דער פאלשער ליבע,
דאָס וועט זײַנ זײַנ שטראָף!

ס'איז גאָר ניטאָ קיין עפּעלע,
וואָס זאָל ניט זײַן קיין וואָרעם אינדרינען;
ס'איז גאָר ניטאָ קיין מאַנספּערזאָן,
וואָס זאָל ניט האָבן קיין פֿאַלשן זינען.

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף א.א.וו.

איך האָב זיך גענייט אַ קליידעלע
פֿון פֿינף אַרשין די ברייט;
קיין גוטס און קיין האָב זאָלן זיי ניט האָבן,
די, וואָס האָבן אונדזער ליבע פֿאַנאַנדערגעשיידט

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף א.א.וו.



# מײַנ הארצ צעגײט

*Andante*

Majn harc ce – gejt in mir, az ix tu zix der – mo nen, vinč ix mir dem tojt, x'vil majn le – bn nit ko – nen. Vos tojg mir majn le – bn mit maj–ne far – ge – ni – gn, az ve–men ix lib, dem kon ix nit kri – gn, vos kon ix nit kri – gn!

מײַנ הארצ צעגײט אינ מיר,
אז איכ טו זיכ דערמאנענ,
װינטש איכ מיר דעמ טויט,
כ'וויל מײַנ לעבנ ניט קאָנענ.

װאָס טויג מיר מײַנ לעבנ
מיט מײַנע פארגעניגנ,
אז װעמענ איכ ליב,
דעמ קאָנ איכ ניט קריגנ!

מער צו פארטראָגנ
איז קיינ קויעכ ניטאָ,
צו וויינענ אונ צו קלאָגנ
אונ צו זינגענ דאָס ליד.

האָסט געבליט אינ מײַנע אויגנ
אפ איינ אויגנבליק,
דו ביסט פונ מיר פארפלויגנ,
אונ קומסט שוינ ניט צוריק!

ס'וועט דאָכ זײַנ אזא צײַט,
ווענ דו וועסט צו מיר קומענ
זוכנ דאָס אָרט,
וווּ מיר פלעגנ זיכ געפינענ.

דאנ אפ מײַנ קייווער
וועלנ שפראָצנ די שענסטע בלומענ,
די זעלבע מינוט גראדע,
ווענ דו וועסט צו מיר קומענ.

# שפּאַצירנ זײַנענ מיר בײדע געגאַנגענ

*Allegretto*

Špa – ci – rn zaj-nen mir bej-de ge – gan-gen. fil
du-ne rn un bli – cn zajn' a – ri – ber ge – gan – gen.
Oj! X'hob ge – ton a – za zax, x'hob zix gor-nit ba traxt...
X'hob ge-mejnt, az s'iz tog, cum sof iz gor naxt. Ma –
me, oj, ma – me, du bist dox ge – rext: az me
folgt nit kejn el – te – rn, kumt a – rojs šlext!

שפּאַצירנ זײַנענ מיר
בײדע געגאַנגענ,
פיל דונערנ אונ בליצנ
זײַנענ אריבערגעגאַנגענ.

אוי, כ'האָב געטאָן אזא זאך,
כ'האָב זיך גאָר'ניט באטראכט,
כ'האָב געמיינט, אז ס'איז טאָג —
צום סאָף איז גאָר נאכט.

מאמע, אוי, מאמע,
דו ביסט דאָך גערעכט,
אז מע פאָלגט ניט קיין עלטערן,
קומט ארויס שלעכט!

כ'האָב געשפילט א ליבע,
כ'האָב געמיינט, ס'וועט זיין גוט,
און איצט פארגיסט מען,
ווי וואסער מיין בלוט.

אוי, כ'האָב געטאָן אזא זאך א.א.וו.

ווי גוט און ווי וויל
וואָלט אונדז געווען,
ווען מיר וואָלטןביידע
א פאָרפאָלק געווען.

אוי, כ'האָב געטאָן אזא זאך א.א.וו.



# אונדזער ליבע

*Moderato*

Un-dzer li - be iz ge - šlo - sn ge - vo - rn, ge - vo - rn, a - zoj - vi an aj - zer - ner brik, a - zoj - vi an aj - zer - ner brik, un ict, majn ta - je - rer, lib - ster, iz gor - ništ ge - vo - rn fun glik. Un glik.

אונדזער ליבע איז געשלאָסנ געוואָרנ, געוואָרנ
אזויווי אנ אײַזערנער בריק;
אונ איצט, מײַנ טײַערער, ליבסטער,
איז גאָרנישט געוואָרנ פונ גליק.

זיצ איכ מיר בא מײַנ פענצטער, מײַנ פענצטער
אונ זינג מיר א טרויעריק ליד;
צענ קאָלעס זאָלסטו האָבנ
אונ צו מיר זאָלסטו זיכ אומקערנ צוריק.

געדענקסטו, מיר זײַנענ געגאנגענ, געגאנגענ,
ארומ אונ ארומעט בולוואר;

און איצט, מײַן טײַערער, ליבסטער,
בין איך געבליבן צום נאר.

שפּאַצירן זײַנען מיר בײדע געגאַנגען, געגאַנגען,
אַרום יענעם און יענעם טײַך;
דו האָסט דאָך מיר אַלץ פֿאַרשפּראָכן,
איצט זײַנען דײַנע רייד ניט גלײַך.

שפּאַצירן זײַנען מיר בײדע געגאַנגען, געגאַנגען,
געגאַנגען איז דעמאָלט אַ שנײ;
און איצט איז מיר מײַן לעבן
געוואָרן ווינד און וויי.

קיין זאַך וואָלט מיר ניט געווען צו שווער, צו שווער,
זיבן יאָמען צו שווימען פֿאַר דיר;
דושעניו, בעטן דיך בעט איך,
דו זאָלסט ניט פֿאַרגעסן אָן מיר.

און אויב דו ווילסט מיט אַ צווייטער שפּאַצירן, שפּאַצירן,
גײן זאָלסטו גײן פֿאַרבײַ מײַן גרוב;
בלומען וועלן דאָרט שפּראָצן,
זאָלסט געדענקען, ווי איך האָב דיך ליב.



## בין איך מיר געגאַנגען

*Andante*

Bin ix mir ge-gan-gen fi-še-lez koj-fn,
hob ix mir ge-kojft a hext;
un ver es iz šul-dik in un-dzer li-be,
der zol ojs-gejn vi a lixt! —
Tra la la la la la la la la
la la la, tra la la la la la la la la la.

בין איך מיר געגאַנגען פֿישעלעך קויפֿן,
האָב איך מיר געקויפֿט א העכט;
און ווער עס איז שולדיק אין אונדזער ליבע,
דער זאָל אויסגיין ווי א לעכט!

אָן קיין שטיינער, אָן קיין ציגל
קאָן מען קיין הויז ניט מויערן;
ס'איז נישט פֿאַראַנען קיין מענטש אף דער וועלט,
וואָס ער זאָל מיך נישט באַדויערן.



# א ליבע פאנגט זיכ אָנ

*Moderato*

A li – be fangt zix on fun a šmej – xl. fun a
šmej - xl biz cu a kuš.. Es nemt a-vek bam klug-stn men-čn dem
sej – xl, dos klig-ste mej-dl maxt es cum ništ.

א ליבע פאנגט זיכ אָנ פונ א שמייכל,
פונ א שמייכל ביז צו א קוש;
עס נעמט אוועק באמ קליגסטנ מענטשנ דעם סייכל,
דאָס קליגסטע מיידל מאכט עס צו נישט.

מיר ביידע האָבנ די ליבע געשלאָסנ,
קיינ שום מענטש האָט פונ דעם נישט געוווסט;
הײַנט רעדט מענ פונ אונדז אינ אלע גאסנ...
דורכ דײַנ מוטער ווערט עס צו נישט.



# צו דעמ יאמ יאָגט א קוואל

*Allegretto*

Cu dem jam jogt a kval, jogt a kval, dem

kval ken kejner ništ der - jo - gn, dem kval ken kejner ništ der-

jo - gn. Li - bn lib ix dix fun ti - fn har - cn, far

kej - nem ken ix es nit zo - gn.

צו דעמ יאמ יאָגט א קוואל, יאָגט א קוואל,
דעמ קוואל קענ קיינער נישט דעריאָגנ.
ליבנ ליב איכ דיכ פונ טיפנ הארצנ,
פאר קיינעמ קאָנ איכ עס ניט זאָגנ.

צי ליבסטו מיכ פונ טיפנ הארצנ, פונ טיפנ הארצנ,
צי ליבסטו נאָר מײַנ שיינ פּאָנעמ?
דו האָסט מיכ גאָר אוועקגעקוילעט,
אזוי ווי די רעכטע גאזלאָנימ.

אז א גאזלענ קוילעט א מענטשנ, קוילעט א מענטשנ,
קוילעט ער אימ מיט א מעסער;

דו האָסט מיך געקוילעט מיט דײַנע פאַלשע רייד, —
איז מיר דער אומגליק נאָך גרעסער.

מײַן מאמע האָט געשטעלט א הײַזעלע, א הײַזעלע,
איז עס געווען מיט דרײַ פענצטער;
וויפל כאסאנים מע האָט מיר גערעדט,
ביסטו אלץ געווען דער שענסטער!

איך האָב מיר געפלאנצט א ווײַנגאָרטן, א ווײַנגאָרטן,
דער ווײַנגאָרטן איז מיר נישט געראָטן;
איך האָב פארשפילט מײַנע יונגע יאָרן,
אזויווי א קארטאָווניק אין קאָרטן.

אז א קארטאָווניק פארשפילט אין קאָרטן, פארשפילט אין קאָרטן,
פארשפילט ער דאָך נאָר דאָס געלט;
איך האָב פארשפילט מײַנע יונגע יאָרן,
און דערצו אזא שיינע וועלט!



# מאמעניו, ליובעניו

*Andante*

Ma - me - ńu, ĺu - be - ńu, kroj - ne - le, har - ce - le,
švajg šojn a vaj - lin - ke štil, —— švajg šojn a vaj - lin - ke
štil! —— Leš in mir majn he - li - šn fa - jer un
1 gib mir šojn, ve-men ix vil, —— 2 gib mir šojn, ve-men ix vil.

מאמעניו, ליובעניו, קרוינעלע, הארצעלע,
שווײַג שוינ א ווײַלינקע שטיל;
לעש אינ מיר מײַנ העלישנ פײַער
אונ גיב מיר שוינ, וועמענ איכ וויל!

איכ האָב זיכ אײַנגעליבט אינ א שיינ ייִנגעלע,
שיינ ווי א רענדל גאָלד;
אימ, מאמעניו, האָב איכ געליבט,
אונ אימ האָב איכ טאקע געוואָלט.

שפּאצירנ, דושע-לעבנ, זײַנענ מיר געגאנגענ
ארומ אונ ארומ דעמ בולוואר;
אלע מיידעלעכ שפּילנ ליבעס,
אונ איכ בינ געבליבנ צומ נאר.

שפּאַצירן, דושע־לעבן, זײַנען מיר געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם גראָז;
וואָס פאַר אַן אומכײַן האָסטו אָפּ מיר געוואָרפן,—
געוואַלד, איך ווייס נישט פאַרוואָס!

אַ כאָלעם, טאַטעניו, אַ כאָלעם, מאַמעניו,
אַ כאָלעם האָט זיך מיר געדאַכט;
זײַנע שיינע בעקעלעך מיט די שוואַרצינקע אייגעלעך
האָבן מיך קראַנק געמאַכט!



# אוי, ווײ, בריינע

*Moderato*

Oj, vej, Braj – ne, ix hob cu dir a

taj ne: tu – že on dos roj – te klej – dl un

kum mit mir in čaj – ne. tu – že on dos

roj – te klej – dl un kum mit mir in čaj – ne.

אוי, ווײ, בריינע,
איך האָב צו דיר א טײַנע;
טו־זשע אָן דאָס רויטע קלײדל
און קום מיט מיר אין טשײַנע.

זי גײט מיט מיר אין טשײַנע
און האלט זיך בא זיך גרויס;
אז זי דערזעט א נײַע ליובע,
שטופּט זי מיך ארויס.

ווי לאנג קרענקט די ליובע,
ווי לאנג איך האָב זי ליב!

איך האָב אַ נײַע ליובע,
זי קומט צו מיר אין שטוב.

איך האָב אַ נײַע ליובע,
מיט מזל און מיט גליק,
אַז איך גיי מיט איר שפּאַצירן,
פֿירט זי מיך אָפּ צוריק.



# איכ בינ שוינ א מיידל אינ די יאָרנ

*Moderato*

Ix bin šojn a mej – dl in di jo – rn, vos
ho – stu mir dem kop far – drejt, ——— ix
volt šojn lang —— a ka – le ge – vo – rn un
ef – šer ta – ke xa – se – ne ge – hat, ix hat.

איכ בינ שוינ א מיידל אינ די יאָרנ,
וואָס האָסטו מיר דעמ קאָפּ פארדרייט?
איכ וואָלט שוינ לאנג א קאלע געוואָרנ
אונ עפשער טאקע כאסענע געהאט.

דו האָסט מיר צוגעזאָגט מיכ נעמענ,
אונ איכ האָב אָפּ דיר געווארט;
פארוואָס זאָלסטו, דושעניו, מיכ פארשעמענ,
צי האָסטו דיכ אינ מיר גענארט?

אונ עפשער גייט דיר, קעצעלע, אינ נאדנ?
די מאמע וועט פארקויפנ די שטוב;

מיר וועלן ביידע כאַסענע האָבן,
ווײַל איך האָב דיך ליב!

און עפּשער ווילסטו וויסן מײַן ייִכעס? —
דער זיידע איז געווען אַ ראָוו;
לאָמיר־זשע ביידע כאַסענע האָבן,
און זאָל שוין נעמען אַ סאָף!



# אוי, וויי מיר, ס׳נעמט אנ עק

*Moderato*

Oj, vej mir, s'nemt an ek, majn ta-jer le-bn
fort a-vek! Oj, vej mir, x'benk nox dir, majn ganc le-bn
hengt on dir! Majn ta-jer le-bn iz a-vek ge-fo-rn un
hot mix i-ber-ge-lozt gor a-lejn, on-ge-kušt un a
gu-tn tog, un er kumt šojn ništ mer cu-gejn.

אוי, וויי מיר, ס׳נעמט אנ עק,  
מײַנ טײַער לעבנ פאָרט אוועק!  
אוי, וויי מיר, כ׳בענק נאָכ דיר,  
מײַנ גאנצ לעבנ הענגט אָנ דיר!

מײַנ טײַער לעבנ איז אוועקגעפאָרנ  
אונ האָט מיכ איבערגעלאָזט גאָר אלײנ;  
אָנגעקושט אונ — א גוטנ טאָג!

און ער קומט שוין נישט מער צוגיין.
אוי, ווי מיר א.א.וו.

מײַן טײַער לעבן איז אוועקגעפאָרן,
איך בין געבליבן גאָר אליין;
דער טאָג האָט זיך שוין אָפּגעזעגנט,
און גאָט ווייסט, צי איך זע אים מיין!
אוי, ווי מיר א.א.וו.



# יאנקעלע מיט ריווקעלענ

*Allegretto*

Jan - ke - le mit Riv - ke - len hal - tn zix de - run - ter, Jan - ke - le z'a - vek - go - fo - rn af a gan - cn vin - ter. Riv - ke - le hot ge - mejnt, zi vet a - lejn blaj - bn, hot zi cu im on - ge - hej - bn bri - ve - lex cu šraj - bn.

יאנקעלע מיט ריווקעלענ
האלטנ זיכ דערונטער;
יאנקעלע ז'אוועקגעפאָרנ
אפ א גאנצנ ווינטער.

ריווקעלע האָט געמיינט,
זי וועט אליינ בלײַבנ;
האָט זי צו אים אָנגעהויבנ
בריוועלעכ צו שרײַבנ.

בריוועלעך צו שרײַבן
איז דאָך זייער זיס,
א מאשקן צו פארזעצן —
פון יאנקעלען א גרוס!

בריוועלעך צו שרײַבן
איז דאָך זייער שיין,
א מאשקן צו פארזעצן,
נאָר יאנקעלען צו זען!



# צווי טײַבעלעך

*Andante*

Cvej taj - be - lex zaj - nen i - bern va - ser ge - floj - gn,
in di pis - ke - lex ho - bn zej zix ge - kušt;
far šol - tn zol ve - rn nor je - ner menč, vos
hot zix in un - dzer li - be a - rajn - ge - mišt.

צווי טײַבעלעך זײַנען איבערן וואסער געפלויגן,
אין די פּיסקעלעך האָבן זיי זיך געקושט;
פאַרשאָלטן זאָל ווערן נאָר יענער מענטש,
וואָס האָט זיך אין אונדזער ליבע אַרײַנגעמישט!

און אז דו וועסט קומען אין אַ פרעמדער שטאָט, ליובעליו,
מײַנע רייד זאָלסטו באַדענקען;
און אז דו וועסט קומען איבער אַ וואסער, ליובעליו,
פאַר צאָרעס זאָלסטו זיך נישט דערטרענקען.

און אז דו וועסט קומען אין א ווײַטער שטאָט, ליובעליו,
מײַנע רייד זאָלסטו באַקענען;
און אז דו וועסט קומען איבער א פײַער, ליובעליו,
פאר צאָרעס זאָלסטו זיך ניט פארברענען.

צווײַ טײַבעלעך זײַנען איבערן וואסער געפלויגן
מיט די פליגעלעך אזוי צעשפּרייט;
קיין גוטן סאָף זאָל דער מענטש ניט האָבן,
וואָס האָט אונדז פון דער ליבע אזוי גיך צעשיידט!



# איך גיי און איך פאל

*Con animo*

Ix gej un ix fal, es plact in mir majn

gal, az ix hob zix dox ajn - ge - libt

in an a - de - ser šar - la - tan, az ix hob zix dox

ajn - ge - libt in an a - de - ser šar - la - tan.

איך גיי און איך פאל,
עס פלאצט אין מיר מײַן גאל,
אז איך האָב זיך דאָך אײַנגעליבט
אין אן אָדעסער שארלאטאן!

וואָס ביסטו צו מיר געקומען?
וואָס האָסטו צו מיר געהאט?
איך בין א מיידל אין די יאָרן,
און דו דארפסט זײַן א סאָלדאט!

דרײַ יאָר װעל איך אױף דיר װאַרטן,
אױפֿן פֿערטן װעסטו אַרױס;
דײַן מאַמע װעט װעלן גאָדן,
און דו װעסט זיך האַלטן גרױס.

— מײַן מאַמע װעט קײן גאָדן ניט װעלן,
און איך װעל זיך ניט האַלטן גרױס;
טו בעט־זשע נאָר בײַם ליבן גאָט,
איך זאָל מיט אַ זשערעב אַרױס!



# אוי, די קויכעלעכ גייענ מיר אויס

*Moderato*

Oj, di koj - xe - lex ge - jen mir ojs! Ix
—ken zej šojn mer ništ der - špi - rn; dem cen - tn mej - de - le
vel ix far - zo - gn, zi zol šojn kejn li - be nit fi - rn.

אוי, די קויכעלעכ גייענ מיר אויס!
איכ קענ זיי שוינ מער נישט דערשפּירנ;
דעמ צענטנ מיידעלע וועל איכ פארזאָגנ,
זי זאָל שוינ קיינ ליבע ניט פירנ.

וועלכעס מיידעלע ס'פירט א ליבע,
ווערט זי דאָכ אָנ די פארבנ;
אונ אז די ליבע פירט זיכ נישט אויס,
קענ זי נאָכ יונגערהייט שטארבנ.

— שטארב נישט, שטארב נישט, מײַנ טײַער לעבנ!
אונדזער ליבע וועט קומענ צו א צוועק.
מײַנע כאווײרימ האָבנ מיכ אָנגערעדט,
אז איכ זאָל פונ דיר אוועק.

— דו פאָרסט, דו רייזסט פונ מיר אוועק,
באַ וועמענ וועל איכ דאָ בלײַבנ?
אז דו וועסט בעשאָלעמ אפנ אָרט קומענ,
א בריוועלע זאָלסטו מיר שרײַבנ.

וועסט נישט קענענ קײנ בריוועלע שרײַבנ,
זאָלסט מיר כאָטש לאָזנ געריסנ.
— קומ אהער, מײַנ טײַער לעבנ,
לאָמיר זיכ ביידע צעקושנ!

— אפ וואָס טויג מיר די פאַלשע ליבע,
וואָס טויג מיר דאָס פאַלשע קושנ?
דו מיינסט נאָר מיר דעמ קאָפ פארדרייענ,
אונ ווײַטער ווילסטו ניט וויסנ.



# מייַנ הארצ וויינט אינ מיר

*Moderato*

Majn harc, majn harc vejnt in mir, az ix darf mix šej - dn ject mit dir. Maj - ne ge - dan - ken a - hin - a - her, mit dir cu šej - dn iz mir šver, maj - ne ge - dan - ken a - hin - a her, mit dir cu šej - dn iz mir šver.

מייַנ הארצ, מייַנ הארצ וויינט אינ מיר,
אז איכ דארפ מיכ שיידנ יעצט מיט דיר;
מייַנע געדאנקענ — אהינ אהער,
מיט דיר צו שיידנ איז מיר שווער.

ווּ פאָרסטו, מייַנ זיס־לעבנ?
ווּ פאָרסטו פונ מיר אוועק!
ווּ וועל איכ דיכ דארפנ זוכנ?
זאָג־זשע מיר, אפ וועלכנ וועג?

פון ערשטן שטעטעלע, פון ערשטן דערפעלע,
דאָס ערשטע בריוועלע שרײַב צו מיר;
בעטן בעט איך דיך, מײַן זיס לעבן,
פארגעסן זאָלסטו נישט אָן מיר!

ווּעסטו קומען צו א וואסערל,
זאָלסטו זיך נישט טרענקען;
ווּעסטו קומען צו אן אנדער מיידעלע,
זאָלסטו מיך געדענקען.



# איכ גיי ארויס אפנ גאנעקל

*Moderato*

Ix gej a-rojs a-fn ga-ni-kl dos šte-te-le ba-
ku-kn, ix gej a-rojs a-fn ga-ni-kl dos
šte-te-le ba-ku-kn, kumt cu fli-en a klej-ne fej-ge-le un-
tut zix cu mir bu-kn, tut zix cu mir bu-kn.

איכ גיי ארויס אפנ גאנעקל,
דאָס שטעטעלע באקוקנ,
קומט צו פֿליִענ א קליינ פייגעלע
אונ טוט זיכ צו מיר בוקנ.

נישט אזוי דאָס קליינע פייגעלע,
ווי דאָס שיינע פֿליִענ;
עס ווארפט אראָפּ מיר א קליינ בריוועלע,
טו איכ פאר דעמ קניִענ.

איך לייען איבער דאָס ערשטע שורעלע —
דער געליבטער איז פאַרדאָרבן,
איך לייען איבער דאָס צווייטע שורעלע —
דער געליבטער איז געשטאָרבן!
קלויבט צונויף אַלע מײַנע כאַוועריטעס,
אַלעמען אינאיינעם,
ווער ס׳האָט נאָר אַ ליבע געפירט,
זאָל מיר העלפן וויינען!



# אינ פּריסוטסטווע בּרענט א פײַער

*Allegretto*

In pri - sut - stve brent a fa - jer, fun
koj - men gejt a - rojs a rojx... ——— ix der -
mon mix, in ve - men ix hob mix far - libt, ——— fun
vej - nen hob ix šojn kejn ko - jex, ko - jex.

אינ פּריסוטסטווע בּרענט א פײַער,
פונ קוימענ גייט ארויס א רויכ;
איכ דערמאנ מיכ, אינ וועמענ כ׳האָבּ מיכ פארליבּט,
פונ וויינענ האָבּ איכ שוינ קיינ קויעכ.

פייגעלעכ, פייגעלעכ זיסע!
כ׳וויל מיט אײַכ עפּעס שמועסנ:
פליט אהינ צו מײַנ געליבּטנ אינ טפּיסע,
אונ בּרענגט מיר אנ ענטפער א זיסנ.

באנאכט ליג איך אפ מײַן געלעגער,
איך ליג מיר מיט מײַן שווער הארץ;
ווען וועט שוין שלאָגן דער זייגער
די לעצטע מינוט פון מײַן שמארץ?

דער זייגער האָט צוועלף געשלאָגן,
ס'איז שוין נאָך האלבער נאכט;
שוין צײַט אנשלאָפן צו ווערן,
גענוג שוין געלעגן און געטראכט.

פון וויינען האָב איך שוין קיין קויעך,
מײַן הארץ איז מיר פול מיט טרערן;
כ'האָב אזוי לאנג א ליבע געפירט,
פון אונדזער ליבע וועט גאָרנישט ווערן.



# אינדרויסנ איז א טריבער טאָג

*Andante*

In droj-sn iz a tri-ber tog, in šti-be-le iz a

pa - re; x'hob op-ge-lebt maj-ne jun-ge jo - rn

in a fin - cte - rer xma - re, x'hob xma - re.

אינדרויסנ איז א טריבער טאָג,
אינ שטיבעלע איז א פארע ;
כ'האָב אָפגעלעבט מײַנע יונגע יאָרנ,
ווי אינ א פינצטערער כמארע.

ווי א פינצטערע כמארע
איז דער טאָג פונ מײַנ געבוירנ ;
איכ האָב געהאט א טײַערנ דימענט
אונ האָב אימ אָנגעווירנ.

איכ האָב אימ אָנגעווירנ
אונ קאָנ אימ נישט געפינענ ;
שטיינ שטײט ער פאר מײַנע אויגנ,
נאָר איכ קאָנ צו אימ נישט קומענ.

איך קאָן צו אים נישט קומען,
כ'קאָן מיט אים נישט ריידן;
אוי, פון אונדזער הייסע ליבע
מוזן מיר זיך צעשיידן!

מיר מוזן זיך צעשיידן,
ווי דער גוף מיט דער נעשאָמע;
אוי, קיין גוטס זאָל דער ניט האָבן,
ווער עס דערלעבט אָן אונדז נעקאָמע!

איך וועל זיצן און קלאָגן
ביז אין מײַן גרויען צאָפּ,
ווײַל מע האָט מיר צוגענומען
די קרוין פון מײַן קאָפּ.

די קרוין פון מײַן קאָפּ,
די צווײַגן פון דעם בוים;
מ'האָט דאָך מיר צוגענומען
דעם שענסטן פּארשוין!

אלע וואסערלעך לויפן אוועק,
די גריבעלעך בלײַבן ליידיק;
אוי, ווו נעמט מען אזא מענטשן,
וואָס זאָל פארשטיין מײַן ווייטעק?

אזויווי עס איז נישטאָ קיין מענטש,
וואָס זאָל קאָנען די שטערן איבערציילן,
אזוי איז אויך נישטאָ קיין מענטש,
וואָס זאָל קאָנען מײַנע ווונדן היילן.



# איכ האָב אָנגעפאנגענ א ליבע שפילנ

*Moderato*

Ix hob on-ge-fan-gen a li-be špi-ln, ix hob ge-mejnt, es vet mir zajn gut, ix bin a-rajn-ge-ta-ln in laj-ti-še maj-ler, me far-gist mir, vi va-ser, majn blut.

איכ האָב אָנגעפאנגענ א ליבע שפילנ,
איכ האָב געמיינט, עס וועט מיר זײַנ גוט,
איכ בינ ארײַנגעפאלנ אינ לײַטישע מײַלער,
מע פארגיסט מיר, ווי וואסער, מײַנ בלוט.

איכ האָב זיכ פארליבט אינ א מיידעלע,
אוי, שיינ איז זי, ווי די גאנצע וועלט!
עס קאָנ גאָר אנדערש ניט זײַנ,
מיט איר מוז איכ אויספירנ מײַנ וועלט!

מיטנ באנ וועל איכ טאָנ צו איר פאָרנ,
מיטנ וואסער וועל איכ טאָנ צו איר שווימענ,
איכ וועל אוועקווארפנ מײַנ פאָטער אונ מוטער,
צו דיר, מײַנ זיס־לעבנ, וועל איכ קומענ!

— מיטן באַן זאָלסטו ניט טאָן צו מיר קומען,
מיטן וואַסער זאָלסטו ניט טאָן צו מיר שווימען,
זאָלסט ניט אַוועקוואַרפן דײַן פאָטער און דײַן מוטער,
צו מיר, מײַן זיס לעבן, זאָלסטו ניט קומען.

— צי דען איז ער שענער און בעסער,
צי דען איז ער קליגער פאַר מיר?
— אוי, יענער איז ניט שענער און ניט בעסער,
קליגער איז ער אויך ניט פאַר דיר.

— אַ יונגינקן זאָלסטו אים נעמען,
אַ יונגינקן זאָלסטו אים באַגראָבן!
— אַ יונגינקן וועל איך אים נעמען,
אַ זיס לעבן וועט ער פאַר מיר האָבן.



# מע זאָגט, אז א ליבע איז א קרענק

*Moderato*

Me zogt, az a li – be iz a krenk, oj vej iz mir! a
li – be iz an um – glik af der velt: —— fun a
li – be krigt men di ča – xot – ke, fun a
li – be ge – jen jun – ge kin – der fun der velt.

מע זאָגט, אז א ליבע איז א קרענק, אוי, וויי איז מיר!
א ליבע איז אנ אומגליק אפ דער וועלט;
פונ א ליבע קריגט מענ די טשאכאָטקע,
פונ א ליבע גייענ יונגע קינדער פונ דער וועלט.

וואָס האָסטו זיך אינ מיר פארליבט, אוי, וויי איז מיר!
צי איז דענ ניטאָ קיינ שענערע פונ מיר?
צי איז דענ ניטאָ קיינ שענערע מיט געלט?
צי בינ איך דענ נאָר איינע אפ דער וועלט?

— געלט האָב איך שוינ געזענ, אוי, וויי איז מיר!
שיינקייט מאכט בא מיר נישט אויס;

אז איך רעד מיט דיר צוויי קלוגע ווערטער,
ציסטו מיר מײַנ כײַעס ארויס.

אפ דײַנע טנאָימ האָסטו מיך געבעטנ, אוי, ווײ איז מיר!
אפ דײַנע טנאָימ בינ איך בא דיר געווענ;
דעמ מאזלטאָוו האָב איך דיר אָפּגעגעבנ —
אונ א פײַער האָט זיך אינ מיר צעברענט.

אפ דײַנ כאסענע האָסטו מיך געבעטנ, אוי, ווײ איז מיר!
אפ דײַנ כאסענע בינ איך בא דיר געווענ;
יעדער איינער טוט טײַטנ מיט די פינגער:
— אָט דאָס איז איר כאָסנ געווענ!

אז מע נעמט ארויס א בלומ פונ גאָרטנ, אוי, ווײ איז מיר!
אונ מע זעצט עס אפ א צווייטנ אָרט,
קאָנ עס שוינ קיינמאָל ניט בליִענ,
אזויווי אפ דעמ ערשטנ אָרט.



# שיינ ביסטו, ראָכל־לעבנ

*Andante*

Šejn bis – tů, Ro – xl le – bn, šejn zol-stu zix ci – rn.
Tu dir on dajn oj – ber man te – le, veln mir gejn špa – ci – rn.

שיינ ביסטו, ראָכל־לעבנ,
שיינ זאָלסטו זיכ צירנ;
טו דיר אָנ דײַנ אויבערמאנטעלע,
וועלנ מיר גיינ שפאצירנ.

שפאצירנ, ראָכעלע, וועלנ מיר גיינ
צווישנ די געדיכטע ביימער;
שפאצירנ וועלנ מיר ביידע גיינ
דאָרט, ווו עס גייט נישט קיינער.

שפאצירנ וועלנ מיר ביידע גיינ
צווישנ די געדיכטע בלעטער;
טאָמער טרעפט דיכ דײַנס א כאווערטע,
זאָג — דו גייסט צו דײַנ פעטער.

שפאצירנ, ראָכעלע, וועלנ מיר גיינ
צווישנ פרישע בלומענ;
טאָמער טרעפט דיכ דײַנס א כאווערטע,
זאָג — דו גייסט צו דײַנ מומענ.

שפּאַצירן װעלן מיר בײדע גײן
נעבן די אײַזערנע קראַטן;
האָב נישט מוירע, מײַן דושקע־לעבן,
ס'װעט דיר גאָרנישט שאַטן!

שפּאַצירן, ראָכעלע, װעלן מיר גײן
אין דעם װילדן װאַלד. —
װי ראָכעלע האָט דאָס דערהערט,
איז איר געװאָרן הײס און קאַלט.

אױ, ראָכל־לעבן, קרױנע־לעבן!
עפּשער װעסטו טרינקען אַ גלעזל װײַן?
מײַן האַנט גיב איך דיר פֿאַר אַלע מענטשן,
אַז מײַן װײַב װעסטו זײַן.

—אױ, הערשל־לעבן, קרױנע־לעבן,
דער זײגער שלאָגט שױן צען!
—האָב נישט מוירע, מײַן טײַער לעבן,
װעסט אַלײן אַהײם נישט גײן.

װי ראָכעלע איז אַהײם געקומען,
האָט זי זיך געזעצט בײַם פֿענצטער,
—װיפֿל יינגעלעך ס'גײען פֿאַרבײַ,
מײַן כאָסן איז דער שענסטער!



# אך, דער אָנפאנג פון אונדזער ליבע

*Andante*

Ax, der on – fang fun un – dzer li – be
mor di en – de fun un – dzer li – be

hot zix on – ge – hoj – bn cu – ker – zis, ze – jer mis. Es
hot zix ojs – ge – lo – zn

vet dox šojn ništ lang ge – do – je – rn,

i – ber va – ser un i – ber brik, durx – bre – xn vel ix

a – le to – je – rn, cu dir, majn le – bn, vel ix ku – men cu – rik!

אך, דער אָנפאנג פון אונדזער ליבע
האָט זיך אָנגעהויבן צוקער־זיס,
נאָר די ענדע פון אונדזער ליבע,
האָט זיך אויסגעלאָזן זייער מיִעס.

עס וועט דאָך שוין נישט לאנג געדויערן —
איבער וואסער און איבער בריק,
דורכברעכן וועל איך אלע טויערן,
צו דיר, מײַן לעבן, וועל איך קומען צוריק!

זאָל ער גייןֿ, זאָל ער לויפֿן,
איך באַדאַרף אים אױף קאַפּאָרעס!
אַז ער האָט געקאָנט אָן מיר פֿאַרגעסן,
זאָל ער זײַן אױף צאָרעס!

ס'וועט דאָך שוין ניט לאַנג געדויערן —
איבער וואַסער און איבער בריק,
דורכבּרעכן וועל איך אַלע מויערן,
און צו דיר, מײַן לעבן, וועל איך קומען צוריק!

פֿון דער ערד גייט דאָס וואַסער,
אַזױ גייען מײַנע יאָרן אַוועק,
אַז ער האָט געקאָנט אָן מיר פֿאַרגעסן,
נעמט דאָך שוין די וועלט אַן עק!

ס'וועט דאָך שוין ניט לאַנג געדויערן —
איבער וואַסער און איבער בריק,
דורכבּרעכן וועל איך אַלע מויערן,
און קומען וועל איך צו דיר צוריק!



160--15



# איכ האָב מיכ פארליבט

*Moderato*

Ix hob mix far – libt in a šejn jin – ge – le,
šejn iz er ge - ve – zn, vi gold!
Dort nit vajt vojnt er in a klejn šti – be – le, oj, im hob ix ze – jer ge – volt.

איכ האָב מיכ פארליבט אינ א שיינ יינגעלע,
שיינ איז ער געוועזנ ווי גאָלד!
דאָרט נישט ווײַט וווינט ער אינ א קליינ שטיבעלע—
אוי, אימ האָב איכ זייער געוואָלט!

אוי, וויפל צאָרעס האָב איכ אויסגעליטנ,
זינט איכ האָב אימ געטונ דערקאָנענ!
טײַכנ טרערנ טו איכ פארגיסנ,
אז איכ טו מיכ אָנ אימ דערמאָנענ.

די ביימעלעכ בליִענ, די יאָרעלעכ פליִענ,
די צײַט גייט אוועק מיטנ רויכ;
אוי, זינט איכ האָב זײַנ ליבע דערקאָנט,
פונ וויינענ האָב איכ שוינ קיינ קויעכ!

נישט מער ווי דו, גאָט איינער,
נאָר דו קענסט וויסנ מײַנ הארצ;

ניט מער ווי דו, גאָט מײַנער,
נאָר דו קענסט מיר היילן מײַן הארץ!

— צי פעלט דיר דײַן עסן? צי פעלט דיר דײַן טרינקען?
צי פעלט דיר דײַן שיינער גאנג?
נאָך וועמען טוסטו טרויערן, נאָך וועמען טוסטו בענקען,
טאָכטערשי, ווער טוט דיר באנק?

— א כאָלעם, טאטעניו, א כאָלעם, מאמעניו,
א כאָלעם האָט זיך מיר געדאכט!
זײַנע שווארצע אייגעלעך, זײַנע זיסע ריידעלעך
האָבן מיך קראנק געמאכט.

קראנק, טאטעניו, קראנק, מאמעניו,
קראנק האָט ער מיך געמאכט!
ווען איך זאָל כאָטש דאָס איינע וואָרט הערן:
„דושעניו, א גוטע נאכט!"

און נישט אזוי ווײַט די גוטע נאכט,
ווי דאָס גוטע יאָר;
נישט אזוי ווײַט זײַנע שווארצע אייגעלעך,
ווי זײַנע שווארצע האָר.

זײַנע אויגן און זײַנע האָר
זיינען אפ פאָרטרעטן צו מאָלן;
אוי, ווו נעמט מען אזא מיליאָנער,
וואָס זאָל האָבן פאר זיי צו באצאָלן!

איך האָב מיט אים געפירט א ליבע,
און ער האָט מיך אָפּגענארט;
אלע מיידעלעך, וואָס פירן ליבעס,
זיי ווערן דאָך אײַנגעדארט.

מײַנע צאָרעס האָבן מיך ארומגערינגלט,
אזויווי א באָנדער א פאס;
הײַנטיקע יינגעלעך איז אזויפיל צו גלייבן,
אזויווי דעם הונט אפ דער גאס.



# מײַנ מאמע, זי האָט מיכ געשלאָגנ

*Allegretto*

Majn ma-me, zi hot mix ge-šlo - gn mit an aj-zer-ner rut, — oj vej, az ix zol nit gejn špa - ci - rn cu dem aj - zer - nem brik, oj vej, brik.

מײַנ מאמע, זי האָט מיכ געשלאָגנ
מיט אנ אײַזערנער רוט — אױ, װײ!
אז איכ זאָל ניט גײנ שפאצירנ
צו דעמ אײַזערנעמ בריק — אױ, װײ!

שפאצירנ בינ איכ געגאנגענ
צו דעמ אײַזערנעמ בריק — אױ, װײ!
א שײנ ייִנגעלע האָט מיכ באגעגנט
אונ האָט מיכ פארקערעװעט צוריק — אױ, װײ!

איכ האָב זיכ געלאָזט איבעררײדנ
אונ איכ בינ מיט אימ געגאנגענ.
ער האָט מיכ פארפירט אינ א שטיבעלע,
מיט װײַסנ דעמ פענצטער פארהאנגענ.

הער שויג אופ צו וויינען,
און הער שויג אופ צו ראשן,
גיי אוועק צום טײַכעלע,
דײַנ קליידעלע פארוואשן.

מאזלטאָוו אײַך, מעכוטענעסטע,
אײַער טאָכטער האָט געהאט א מיידעלע!
זי האָט ניט געהאט קיינ וויקלשנור,
האָט זי צעריסנ דאָס קליידעלע.



# וווּ ביסטו געווען

*Moderato*

Vu bi - stu ge - ven, az gelt iz ge - ven, un der
na - dn iz - ge - le - gn a - fn tiš? — Hajnt bi - stu
do, az kejn gelt iz ni - to, un dos le - bn iz ge -
vo - rn a - zoj mies... Tra la la la la la la
la la la la la, tra la la.

ווּ ביסטו געווען,
אַז געלט איז געווען,
און דער נאָדן איז געלעגן אויפן טיש?
היינט ביסטו דאָ,
אַז קיין געלט איז נישטאָ,
און דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי מיעס.
טראַ־לאַ־לאַ...

ווּ ביסטו געווען,
אַז יוגנט איז געווען,
און דאָס לעבן איז געווען צוקער־זיס?
היינט ביסטו דאָ,
אַז די האָר זיינען גראָ,
און דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי מיעס.
טראַ־לאַ־לאַ...

ווּ ביסטו געווען,
אַז יוגנט איז געווען,
און דאָס האַרץ האָט מיט ליבע געברענט?
היינט ביסטו דאָ,
אַז דער קאָפּ איז שוין גראָ,
און עס ציטערן בײַ מיר שוין די הענט.
טראַ־לאַ־לאַ...



# איך האָב געאקערט און געזייט

*Andante*

Ix hob ge-a-kert un ge-zejt, ke-dej majn tvu-e zol nit bre-nen, un ver es hot mix fun majn ta-jer le-bn ce-šejdt, dem zol di erd nit cu-ne-men.

איך האָב געאקערט און געזייט,
קעדיי מײַן טוויע זאָל ניט ברענען;
און ווער עס האָט מיך פון מײַן טײַער לעבן צעשיידט,
דעם זאָל די ערד ניט צונעמען!

איך האָב צו וויינען און צו קלאָגן,
אזויווי איינער אף א כורבן;
מײַן מאמע פלעגט מיר שטענדיק זאָגן,
אז מײַן זיווג איז געשטאָרבן.

אוי, אז ער איז געשטאָרבן,
איז דאָך א שאָד אים צו באגראָבן;
אזא כאָסן, ווי איך האָב געהאט,
וועל איך קיינמאָל שוין ניט האָבן.

איך האָב אים געגעבן א זייגער
מיט א גאָלדענעם ווײַזער;

ווער עס האָט נאָר איִן אונדזער ליבע שולד,
זאָל ארומגיין אייביק אין די הײַזער!

אין די הײַזער זאָלן זיי בעטלען גיין,
אפ אלע שוועלן זאָלן זיי אָנטרעטן;
אין וועלכן אָרט זיי וועלן נאָר ארײַנקומען,
זאָל מען זיי זאָגן: „איר זײַנט שוין דאָ געוועזן!“

ער איז צו מיר ארײַנגעקומען,
ער איז געוועזן מײַן לעבן;
דאָס שענסטע פּערעלע פון דעם צווײַגעלע
האָב איך אים אוועקגעגעבן!

ער איז צו מיר ארײַנגעקומען,
איך האָב אים געליבט ווי מײַן לעבן;
דאָס שענסטע צווײַגעלע פון דעם ביימעלע
האָב איך אים אוועקגעגעבן!



# מייערקע, מײַן זון

*Allegretto*

Me – jer – ke, majn zun, oj, Me – jer – ke, majn zun, oj,
Me – jer – ke, majn zun, ix vil dix e – pes fre – gn,
zu – ne – ńu, ix vil dix e – pes fre – gn, zu – ne – ńu. Vos
vil – stu ba mir fre – gn, ta – te – ńu, vos
vil – stu ba mir fre – gn, ta – te – ńu.

— מייערקע, מײַן זון, אוי, מייערקע, מײַן זון,
אוי, מייערקע, מײַן זון!
איך וויל דיך עפּעס פרעגן, זונעניו,
איך וויל דיך עפּעס פרעגן, זונעניו.
— וואָס ווילסטו בא מיר פרעגן, טאטעניו?
וואָס ווילסטו בא מיר פרעגן, טאטעניו?

— מייערקע, מײַן זון, אוי, מייערקע, מײַן זון,
אוי, מייערקע, מײַן זון!
וועמען האָסטו ליב, זונעניו?
וועמען האָסטו ליב, זונעניו?
— דעם מילנערס טאָכטער, טאַטעניו,
דעם מילנערס טאָכטער, טאַטעניו.

— מייערקע, מײַן זון, אוי, מייערקע, מײַן זון,
אוי, מייערקע, מײַן זון!
צי האָט זי עפּעס נאדן, זונעניו?
צי האָט זי עפּעס נאדן, זונעניו?
— זי האָט גאָר ניט קיין נאדן, טאַטעניו,
זי האָט גאָר ניט קיין נאדן, טאַטעניו.

— מייערקע, מײַן זון, אוי, מייערקע, מײַן זון,
אוי, מייערקע, מײַן זון!
איך הייס דיר זי ניט נעמען, זונעניו,
איך הייס דיר זי ניט נעמען, זונעניו!
— מע פרעגט בײַ דיר קיין דייעס, טאַטעניו,
מע פרעגט בײַ דיר קיין דייעס, טאַטעניו!



# איכ זיצ אונ שפּיל מיר אפ דער גיטארע

*Moderato*

Ix zic un špil mir af der gi – ta – re, un zing zix mir a lid fun zix a – lejn, oj, majn stra – da – nje vejst nor got dem e – mes, oj, majn stra–da–nje vejst nor er a – lejn.

איכ זיצ אונ שפּיל מיר אפ דער גיטארע,
אונ זינג זיכ מיר א ליד פונ זיכ אליינ.
אוי, מײַנ סטראדאניע ווייסט נאָר גאָט דעמ עמעס,
אוי, מײַנ סטראדאניע ווייסט נאָר ער אליינ.

שפּאצירנ זײַנענ מיר ביידע געגאנגענ
ארומ אונ ארומ דעמ קײַלעכדיקנ וואָקזאל.
אוי, צוגעשווירנ האָט ער מיר, אוי, מאמע,
אז איכ וועל זײַנ זײַנ פרוי אונ ער מײַנ מאנ.

שפּאצירנ זײַנענ מיר ביידע געגאנגענ
ארומ אונ ארומ דעמ גאָראָדסקוי שפּיטאָל.
אנ אומכיינ, מאמעניו, האָט ער אפ מיר געוואָרפנ,
אנ אומכיינ, מאמע, מאמע, מיטאמאָל!



# די פײַערדיקע ליבע

*Con animo*

Di fa-jer-di-ke li-be tut in maj-nem har-cn bre-nen, vos kumt a-rojs, az ix hob dix lib, az mir ke-nen zix nit ne-men, vos ne-men.

די פײַערדיקע ליבע
טוט אינ מײַנעמ הארצנ ברענענ.
וואָס קומט ארויס, אז איכ האָב דיכ ליב,
אז מיר קאָנענ זיכ ניט נעמענ!

דו זאָגסט, דו האָסט מיכ ליב,
דו גייסט ארײַנ צו מיר אינ שטוב.
דו גייסט אוועק צו אנ אנדער מיידעלע
אונ גראָבסט אפ מיר א גרוב.

דו גראָבסט אפ מיר א גרוב,
אונ פאלסט אליינ ארײַנ.
איכ האָב דאָכ שוינ געפועלט,
דו זאָלסט מײַנער זײַנ.



# א טרויער, א טרויער

*Moderato*

A tro - jer, a tro - jer, a tro - jer af majn har - cn,
ojs - der - cej - ln kon ix far kej - nem nit, oj vej, nit.
Dix hob ix lib, un got vejst dem e - mes, az
ne - men, oj, ko - nen mir zix nit.

א טרויער, א טרויער, א טרויער אפ מײַנ הארצנ,
אויסדערצײלנ קאָנ איכ פאר קײנעמ ניט, אוי, ווײ, ניט.
דיכ האָב איכ ליב, אונ גאָט ווײסט דעמ עמעס,
אז נעמענ, אוי, קאָנענ מיר זיכ ניט!

איכ זיצ מיר א גאנצנ טאָג בא מײַנ ארבעט
אונ זינג מיר א טרויעריק ליד, אוי, א ליד.
איכ הײב זיכ אָנ דערמאנענ, אז ווײ ז׳צו מײַנע יאָרנ,
אינ וועמענ איכ האָב זיכ אײַנגעליבט!

ווען דו זאָלסט זײַן אַ מענטש, אַ מענטש מיט געדאַנקען,
פֿאַרגעסן וואָלסטו קיינמאָל ניט אין מיר, אוי, אין מיר.
און זאָלסט אַפֿילע האָבן אַ האַרץ פֿון אַ שטיין,
איבערבעטן וואָלסטו זיך מיט מיר.

ווען דו זאָלסט זײַן אַ מענטש, אַ מענטש מיט געדאַנקען,
וואָלט איך ניט געליטן פֿון דיר, אוי, פֿון דיר.
און זאָלסט אַפֿילע זײַן אַ פֿישעלע אין וואַסער,
צוגעשווומען וואָלסטו גלײַך צו מיר.



# סאָנים, סאָנים האָב איך

*Moderato*

Šo - nim, so - nim hob ix, ta - jer - le - bn majns,

un far - vos vejs ix nit a - lejn, ______ zej

vi - ln zix der - le - bn, du zolst mit mir nit rej - ln

un mit mir uf - he - rn cu gejn. Ix

hob zix in dir ajn - ge - libt, ta - jer le - bn majns, oj,

nit der - far, vos du bist a - zoj šejn, ______ du

bist dox a jin - ge - le mit far - štand un mit ge - dan - ken, du

vejst, vi - a - zoj mit a mej - de - le cu gejn.

סאָנים, סאָנים האָב איך, טײַער לעבּן מײַנס,
און פארוואָס — ווייס איך ניט אליין.
זיי ווילן זיך דערלעבּן, דו זאָלסט מיט מיר ניט ריידן,
און מיט מיר אופהערן צו גיין.

איך האָב זיך אין דיר אײַנגעליבּט, טײַער לעבּן מײַנס,
אוי, ניט דערפאר, וואָס דו בּיסט אזוי שיין.
דו בּיסט דאָך א יינגעלע מיט פארשטאנד און מיט געדאנקען,
דו ווייסט, וויאזוי מיט א מיידעלע צו גיין.

כ'האָב זיך אין דיר אײַנגעליבּט, טײַער לעבּן מײַנס,
אוי, ניט אין דיר, ווי אין דײַן פּאָכאָדקע.
טאָמער וועסטו, ליובּע, מיך ניט ווען נעמען,
בּאקומען וועסטו די טשאכאָטקע.



# אפנ אויוונ זיצט א מיידל
















אפנ אויוונ זיצט א מיידל,
טומבא, טומבא, טומבא־בא.
אונ זי העפט א ווײַסע קליידל,
טומבא, טומבא, טומבא־בא.

איז א בּאָכער אָנגעפלויגן,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.
נ'האָט דעם פאָדעם אָפּגעצויגן,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.

— איַי, דו בּאָכער, איַי, דו פיַיער,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.
ס'וועט דיך קאָסטן זייער טיַיער,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.

כ'וועל ניט פרעגן דיך פונוואַנען,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.
כ'וועל ניט אָפּלאָזן פונדאַנען,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.

ניט מיט שטריק וועל איך דיך פּענטען,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.
נאָר מיט מיַינע וויַיסע הענטלעך,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.

כ'וועל דיך האַלדזן, כ'וועל דיך ליבּן,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ. —
איז דער בּאָכער דאָרט פאַרבּליבּן,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.

אפן אויוון זיצן צווייען,
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.
ניט זיי העפטן, ניט זיי נייען...
טומבּאַ, טומבּאַ, טומבּאַ־בּאַ.



# יאָמע, יאָמע

*Allegretto*

Jo - me, Jo - me, špil mir a li - de - le,
vos dos mej - de - le vil. Dos mej - de - le vil a por
ši - xe - lex ho - bn, muz men gejn dem šu - ster zo - gn.
Nejn, ma - me - ši, nejn, du kenst mix nit far- štejn, du
vejst ništ, vos ix mejn!

יאָמע, יאָמע, שפיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל א פאָר שיכעלעכ האָבנ,
מוז מענ גיינ דעמ שוסטער זאָגנ!
— ניינ, מאמעשי, ניינ!
דו קענסט מיכ ניט פארשטיינ,
דו ווייסט ניט, וואָס איכ מיינ!

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל א קליידעלע האָבן,
מוז מען גיין דער שניידערן זאָגן!
— ניין, מאמעשי, ניין!
דו קענסט מיך ניט פארשטיין,
דו ווייסט ניט, וואָס איך מיין!

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל א היטעלע האָבן,
מוז מען גיין דער פּוצערקע זאָגן!
— ניין, מאמעשי, ניין!
דו קענסט מיך ניט פארשטיין,
דו ווייסט ניט, וואָס איך מיין!

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל א פּאָר אויירינגלעך האָבן,
מוז מען גיין דעם גאָלדשמיד זאָגן!
— ניין, מאמעשי, ניין!
דו קענסט מיך ניט פארשטיין,
דו ווייסט ניט, וואָס איך מיין!

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל א כאָסנדל האָבן,
מוז מען גיין דעם שאדכן זאָגן!
— יאָ, מאמעשי, יאָ!
דו קענסט מיך שוין פארשטיין,
דו ווייסט שוין, וואָס איך מיין!.



# לאָמיר אלע אינײנעם, אינײנעם

*Maestoso*

Lo - mir a - le in - ej - nem in - ej - nem,

dem xa - ver me ka - - bl po - nem zajn,

lo - mir a - le n'ej - nem, lo - mir a - le n'ej - nem

ne - men a gle- ze - le vajn, - - - vajn.

לאָמיר אלע אינײנעם, אינײנעם,
דעם כאווער... (נאָמען פון גאסט) מעקאבל פּאָנעם זײַן,
לאָמיר אלע אינײנעם,
לאָמיר אלע אינײנעם
נעמען א גלעזעלע ווײַן,
לאָמיר אלע אינײנעם,
לאָמיר אלע אינײנעם
טרינקען א גלעזעלע ווײַן!



# באַלעבאָסטע, זיסינקע

*Allegretto scherzando*

Ba - le - bos - te zi - sin - ke, zi sin - ke, zi - se ba - le - bos - te,
ba - le - bos - te zi - sin - ke, zi - sin - ke ba - le - bos - te.
Ba - le - bos - te zi - sin - ke, ba - le - bos - te zi - sin - ke,
ba - le - bos - te zi - sin - ke, zi - sin - ke ba - le - bos - te,
ba - le - bos - tin - ke, zi - sin - ke, zi - se ba - le - bos - te,
ba - le - bos - tin - ke, zi - sin - ke u - ger - ke - lex!

באַלעבאָסטע זיסינקע, זיסינקע, זיסע באַלעבאָסטע,
באַלעבאָסטע זיסינקע, זיסינקע באַלעבאָסטע!
באַלעבאָסטע זיסינקע, באַלעבאָסטע זיסינקע,
באַלעבאָסטע זיסינקע, זיסינקע באַלעבאָסטע!
באַלעבאָסטינקע זיסינקע, זיסע באַלעבאָסטע,
באַלעבאָסטינקע, זיסינקע אוגערקעלעכ!

באַלעבאָסטע פרישינקע א. א. וו.
פרישינקע בולקעלעך.

באַלעבאָסטע צאַפּלדיקע א. א. וו.
צאַפּלדיקע פישעלעך.

באַלעבאָסטע פעטינקע א. א. וו.
פעטינקע יױכעלעך.

באַלעבאָסטע הייסינקע א. א. וו.
הייסינקע קאַרטאָפּליעלעך.



# איין קאָל, איין קאָל













איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל ווײַן,
איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל ווײַן,
איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל ווײַן,
כ'קאָן אָן דיר ניט זײַן!
איין קאָל ווײַן,
איך קאָן אָן דיר ניט זײַן,
איין קאָל ווײַן,
איך קאָן אָן דיר ניט זײַן!

איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל ביר,
איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל ביר,
איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל ביר,
כ׳קאָן ניט זײַן אָן דיר!
איין קאָל ביר,
איך קאָן ניט זײַן אָן דיר,
איין קאָל ביר,
איך קאָן ניט זײַן אָן דיר!

איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל יאש א.א.וו.
כ׳וויל א פולע פלאש!
איין קאָל יאש,
איך וויל א פולע פלאש,
איין קאָל יאש,
איך וויל א פולע פלאש!

איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל קוואס א.א.וו.
כ׳וויל א פולע פאס!
איין קאָל קוואס,
איך וויל א פולע פאס,
איין קאָל קוואס,
איך וויל א פולע פאס!



# דו ביסט דעם כאָסן געפעלן

*Andante*

Du bist dem xo - sn ge - fe - ln, vo - rem

du bist a - zoj šejn un fajn, bald vet men di xu - pe šte - ln,

bald vet di xu - pe zajn, oj, a na - je velt ve -

stu der - zen, e - pes zogt men, az zi iz ze - jer šejn, nor ix

vejs nit, ci du darfst zix fre - jen, ka - le - ńu, vejn- že, vejn.

דו ביסט דעם כאָסנ געפעלנ,
וואָרעמ דו ביסט אזוי שיינ אונ פֿײַנ,
באלד וועט מענ די כופּע שטעלנ,
באלד וועט די כופּע זײַנ.

אוי, א נײַע וועלט וועסטו דערזענ,
עפּעס זאָגט מענ, אז זי איז זייער שיינ,
נאָר איכ ווייס ניט, צי דארפסטו זיכ פרייענ,
קאלעניו, וויינ־זשע, וויינ!



# העכער, בעסער

*Allegretto*

He - xer, be - ser, di rod, di rod maxt gre - ser, grojs hot mix got ge - maxt, glik hot er mir ge - braxt, hu - let, kin - der, a gan - ce naxt, di me - zin - ke ojs - ge - ge - bn, di me - zin - ke ojs- ge - ge - bn.

העכער! בעסער!
די ראָד, די ראָד מאכט גרעסער!
גרויס האָט מיכ גאָט געמאכט,
גליק האָט ער מיר געבראכט,
הוליעט, קינדער, א גאנצע נאכט!
די מעזינקע אויסגעגעבנ,
די מעזינקע אויסגעגעבנ!

שטארקער! פריילעכ!
דו די מאלקע, איכ דער מיילעכ!
אוי, אוי, איכ אלײנ
האָב מיט מײַנע אויגנ געזענ,

ווי גאָט האָט מיך מאַצליִעך געווען!
די מעזינקע אויסגעגעבן,
די מעזינקע אויסגעגעבן!

איציק, שפּיציק,
וואָס שווייַגסטו מיטן שמיציק?
אַפּ די קלעזמער גיב אַ געשריי,
צי שפּילן זיי, צי שלאָפן זיי,
רייַסט די סטרונעס אַלע אַפּ צוויי!
די מעזינקע אויסגעגעבן,
די מעזינקע אויסגעגעבן!

אייַזיק, מאַזעק,
די באָבע גייט אַ קאָזעק!
אָן אייַנהאָרע זעט נאָר, זעט,
ווי זי טופּעט, ווי זי טרעט,
אוי, אַ שימכע, אוי, אַ פרייד!
די מעזינקע אויסגעגעבן,
די מעזינקע אויסגעגעבן!

מאָטל, שימען,
די אָרעמע לייַט זייַנען געקומען!
שטעלט פאַר זיי דעם שענסטן-טיש,
טייַערסטע ווייַנען, טייַערסטע פיש,
אוי, מייַן טאָכטער, גיב מיר אַ קוש!
די מעזינקע אויסגעגעבן,
די מעזינקע אויסגעגעבן!

# בײַט־זשע מיר אויס א פינף־און־צוואנציקער

*Andante*

Bajt- že mir ojs a finf - un - cvan - ci - ker af

sa - me drob - ne dra - jer; un špilt- že mir, klez - mo-rim-lex, a

li - de - le a ta - jer. Rom - či - rim - či, rom - či - rim - či,

rom - či - rim - či, rom - či - rom, rom - či - ram.

בײַט־זשע מיר אויס א פינף־און־צוואנציקער
אפ סאמעראָדנע דרײַער,
און שפילט־זשע מיר, קלעזמאָרימלעך,
א לידעלע א טײַער!

ראָמטשירימטשי, ראָמטשירימטשי,
ראָמטשירימטשי, ראָמטשיראָ!

בײַט־זשע מיר אויס א פינף־און־צוואנציקער
אפ סאמעראָדנע פירער,

און שפּילט־זשע מיר, קלעזמאָרימלעך,
די זעלביקע, וואָס פריִער!
ראָמטשירימטשי א.א.וו.

און בײַט־זשע מיר אויס א פינף־און־צוואנציקער
אפ סאמעראָדנע צענער,
און שפּילט־זשע מיר, קלעזמאָרימלעך,
דאָס זעלביקע נאָך שענער!
ראָמטשירימטשי א.א.וו.

און בײַט־זשע מיר אויס א פינף־און־צוואנציקער
אפ סאמע אימפּעריאלן,
איך וועל בעטן די קלעזמאָרימלעך,
זיי זאָלן זיך נישט אײַלן!
ראָמטשירימטשי א.א.וו.



# כאצקעלע, כאצקעלע

*Moderato*

Xac - ke - le, Xac - ke - le, špil mir a ka-zac-ke-le un xoč an o - re - me, a - bi a xvat - ske. O - rem iz nit gut. o - rem iz nit gut, lo - mir zix nit še - men mit ej - ge - nem blut.

כאצקעלע, כאצקעלע, שפּיל מיר א קאזאצקעלע!
אונ כאָטש אנ אָרעמע, אבי א כוואצקע!
אָרעמ איז ניט גוט, אָרעמ איז ניט גוט,
לאָמיר זיכ ניט שעמענ מיט אייגענעמ בלוט!

כאצקעלע, כאצקעלע, שפּיל־זשע מיר א דומע!
אונ כאָטש אנ אָרעמע, אבי א פרומע!
אָרעמ איז ניט גוט, אָרעמ איז ניט גוט,
לאָמיר זיכ ניט שעמענ מיט אייגענעמ בלוט!

כאצקעלע, כאצקעלע, שפּיל־זשע מיר א סעמעלע
פאר א דרײַערל אפ כאסקעס קרעמעלע!

אָרעמ איז ניט גוט, אָרעמ איז ניט גוט,
לאָמיר זיכ ניט שעמענ מיט אייגענעמ בלוט!

כאָטש אנ אָרעמינקע, פאָרט א מומע,
ניט קיינ געבעטענע, אליינ געקומענ!
אָרעמ איז ניט גוט, אָרעמ איז ניט גוט,
לאָמיר זיכ ניט שעמענ מיט אייגענעמ בלוט!



# מעכוטענעסטע מײַנע

*Allegro*

Me - xu - te - ne - ste maj - ne, me - xu - te - ne - ste ge -
tra - je, oj, lo - mir zajn af ejbik me - xu - to - nim,
lo - mir zajn af ej - bik me - xu - to - - nim, ix
gib ajx a - vek majn tox - ter far a šnur, zi
zol ba ajx nit on - ve - rn dos po - - nem.

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
אוי, לאָמיר זײַן אפ אייביק מעכוטאָנים!
איך גיב אײַך אוועק מײַן טאָכטער פאר א שנור,
זי זאָל בא אײַך ניט אָנווערן דאָס פּאָנעם.

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
מײַן קינד זאָלט איר פֿרי ניט װעקן;
און טאָמער װעט איר זען אַן אוולע אױף מײַן קינד,
װי אַן אײגענע מאמע זאָלט איר דאָס פֿאַרדעקן.

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
אױף קינדער האָבן טויט מען בלוט פֿאַרגיסן;
און טאָמער װעט איר זען, אַז דער זון האָט ליב די שנור,
זאָל עס אײַך גאָרניט פֿאַרדריסן.

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
איך פֿאָר צו אײַך מיט אַ פּאַריקל;
טאָמער װעט איר זײַן אַ שלאַק, אַ בײזע שװיגער,
בין איך אױך אַ שנורל אַן אַנטיקל.



# איין בוטל ביר

*Allegretto*

Ejn bu-tl bir, cvej bu-tl bir, draj bu-tl, bu-tl bir,
fir bu tl bir, finf bu-tl bir. zeks bu-tl, bu-tl bir!

איין בוטל ביר, צוויי בוטל ביר,
דרײַ בוטל־בוטל ביר!
פיר בוטל ביר, פינף בוטל ביר,
זעקס בוטל־בוטל ביר!

זיבן בוטל ביר, אכט בוטל ביר,
נײַן בוטל־בוטל ביר!
צען בוטל ביר, עלעף בוטל ביר,
צוועלעף בוטל־בוטל ביר!

צוועלעף בוטל ביר, עלעף בוטל ביר,
צען בוטל־בוטל ביר א.א.וו. (אפ צוריק).



# אָ, זײַט געזונטערהייט













אָ, זײַט געזונטערהייט, מײַנע ליבע עלטערן!
כ׳פאָר אוועק אין א ווײַטן וועג,
ווו קיין ווינט ווייט ניט,
און ווו קיין פייגעלע פליט ניט,
און ווו קיין האָן קרייט ניט.

זײַט געזונטערהייט, מײַנע ליבע עלטערן!
איך פאָר פון אײַך אוועק.
גאָט זאָל געבן
געזונט און לעבן,
און מיר א גליקלעכן וועג!



# פאָרן מעכוטאָנים

*Moderato*













פאָרן מעכוטאָנים
איבער אלע גאסן,
פרעגן בא רעב לייזערן
א טאָכטער צו פארקנאסן.
זאָגט דער טאטע: „יע!“
זאָגט די מאמע: „ניין!
מײַן טאָכטער כאסעלע
איז צו דער כופע קליין!“



# אוי, מיר, אָרעמע מיידעלעכ

*Moderato*

Oj, mir o - re - me mej - de - lex, vos tojg un - dzer sax na - dan, az me puct undz ojs a ferd far a man. Un - dze - re el - te - rn tu - en ši - du - xim, zej tu - en undz gor - nit fre - gn, de - rum far - bren gen mir — ze - jer šlext dem le - bn.

אוי, מיר, אָרעמע מיידעלעכ,
וואָס טויג אונדזער סאכ נאדאנ,
אז מע פוצט אונדז אויס
א פערד פאר א מאנ!

אונדזערע עלטערנ טוענ שידוכימ,
זיי טוענ אונדז גאָרניט פרעגנ, —

דערום פֿאַרבֿרענגען מיר
זייער שלעכט דעם לעבן.

וואָס טויג אונדזער ריידן,
וואָס טויג אונדזער קלערן,
אַז פֿון רײַך
קאָן מען אָרעם ווערן,
און פֿון אָרעם קאָן מען ווערן רײַך.
אַז מע קריגט אַ מאַן אַ מענטשן,
איז מען מיט לײַטן גלײַך.



# בין איך מיר א קאלע













בין איך מיר א קאלע —
אך, ווי ווויל איז מיר!
ס׳פרייען זיך מיט מיר אלע,
די פרייד איז נאָר בא מיר.

שיקט מיר דער כאָסן א בריוועלע —
צו קושן זײַנע ווערטער!
כ׳וואָלט געוואָלט שוין וויסן,
צי איז ער מײַן באשערטער.

שיקט מיר דער כאָסנ מאטאָנעס —
באנײַט ער מײַנע יאָר!
שווערט ער מיר בענעמאָנעס:
ס'וועט זײַנ אפ לאנגע יאָר!

פירט מענ מיכ צו דער כופּע,
פירט מענ מיכ צוריק,
שטייענ מיידעלעכ אונ ווײַבעלעכ
אונ ווינטשנ מיר גליק.

צו מאָרגנס אינדערפרי,
די סימכע איז אינגאנצנ;
דער מאנ זיצט באם טיש,
דאָס ווײַבעלע גייט שוינ טאנצנ.

שאבעס אינדערפרי
פירט מענ מיכ אינ שול,
שטייענ מיידעלעכ אונ ווײַבעלעכ
אינ די גאסנ פול.

אינ אכט טאָג ארומ
נעמט מענ מיכ אפ קעסט,
מע האלט מיכ אזוי אופ,
ווי א פייגעלע אינ נעסט.

אינ פיר וואָכנ ארומ
איז די סימכע אויס,
דאָס ווײַבעלע לויפט ארומ,
ווי א פארסאמטע מויז.

קליידער אונ נאדאנ
האָסטו מיר געגעבנ,
מיט א שלעכטנ מאנ
מוז איכ, נעבעכ, לעבנ!

אוי, אוי, אוי! ווי וואָלט איכ שוינ גערנ
פונעם שלעכטנ מאנ שוינ פּאָטער ווערנ!
אוי, אוי, אוי, ווי וואָלט איכ שוינ גערנ
גאָר צוריק א מיידל ווערנ!


160—18



# מיר האָבנ געהערט

*Allegretto*

Mir ho - bn ge - hert, mir ho - bn ge - zen
a šus - ter a man nit cu ne - men, a
šu - ster a man a šar - la - tan, der
taj - vl zol im ne - men.

מיר האָבנ געהערט, מיר האָבנ געזענ —
א שוסטער א מאנ ניט צו נעמענ:
א שוסטער א מאנ — א שארלאטאנ,
דער טײַוול זאָל אימ נעמענ!

שוסטערשע ווײַבער האָבנ געזאָגט:
מיר דארפנ דראטוועס מאכנ;
בעסער צו נעמענ א שנײַדער א מאנ,
וועלנ מיר האָבנ אלע זאכנ.

שנײַדערשע װײַבער האָבן געזאָגט:
מיר דאַרפֿן שפּעט זיצן;
בעסער צו נעמען אַ סאָלדאַט אַ מאַן,
װעלן מיר האָבן גאָלדענע שפּיצן.

סאָלדאַטישע װײַבער האָבן געזאָגט:
מיר דאַרפֿן די ראַנצעס טראָגן;
בעסער צו נעמען אַ פֿורמאַן אַ מאַן,
װעלן מיר האָבן פֿערד און װאָגן.

פֿורמאַנישע װײַבער האָבן געזאָגט:
מיר דאַרפֿן די רעדער שמירן;
בעסער צו נעמען אַ סטודענט אַ מאַן,
װעלן מיר גײן אָפּט שפּאַצירן.

סטודענטישע װײַבער האָבן געזאָגט:
מיר דאַרפֿן האָבן אָפּטע קינדער;
בעסער צו נעמען אַ שױכעט אַ מאַן,
װעלן מיר האָבן שאָף און רינדער.

שױכעטשע װײַבער האָבן געזאָגט:
מיר דאַרפֿן די בלוט װאַשן;
בעסער צו נעמען אַ שענקער אַ מאַן,
װעלן מיר האָבן װאָס צו נאַשן.

שענקערשע װײַבער האָבן געזאָגט:
מיר דאַרפֿן די פֿלעשלעך שװענקען;
בעסער צו זיצן אַן אַלטע מױד,
װעלן מיר האָבן װאָס צו געדענקען!



# עס קומט צו פליִען די גילדערנע פאווע

*Moderato*

Es kumt cu - fli - en di gil - der - ne pa - ve

fun a frem - dn land, —— fun a frem - dn

land. hot zi far - loj - rn dem gil - der - nem fe - der

mit a groj - sn 1 šand Hot 2 šand.

עס קומט צו פליִען די גילדערנע פאווע
פון א פרעמדן לאנד,
האָט זי פארלוירן דעם גילדערנעם פעדער
מיט א גרויסן שאנד.

ס'איז נישט אזוי דער גילדענער פעדער,
ווי די פאווע אליין;
עס איז נישט אזוי דער איידעם,
ווי די טאָכטער אליין.

ווי עס איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
א פייגעלע אפ דעם יאם,
אזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
בא א שלעכטנ מאנ.

ווי עס איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
א פייגעלע אָנ א נעסט,
אזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
שווער אונ שוויגערס קעסט.



# גיט מיכ אָפּ די מאמע

*Andante*

Git mix op di ma - me, git mix op der ta - te
in a frem - dn land, un hot dox mir on - ge zogt,
un hot dox mir un far - zogt, ix zol zi - bn jor nit zajn.

גיט מיכ אָפּ די מאמע,
גיט מיכ אָפּ דער טאטע
אינ א פרעמדנ לאנד,
אונ האָט דאָכ מיר אָנגעזאָגט,
אונ האָט דאָכ מיר אונ פארזאָגט,
איכ זאָל זיבנ יאָר ניט זײַנ.

בינ איכ ניט געוועזנ,
בינ איכ ניט געוועזנ
אײנ יאָר אונ צוויי.
איז דאָכ מיר געוואָרנ,
איז דאָכ מיר געוואָרנ
אפּ מײַנ הארצנ זייער ווינד אונ וויי.

ווען איך וואָלט האָבן פליגעלעך,
ווען איך וואָלט האָבן פליגעלעך,
וואָלט איך דאָך געפלויגן,
ווי א פרייער פויגל,
ווי א פרייער פויגל,
א טאָג מיט א נאכט.

און וואָלט איך געקומען,
און וואָלט איך געקומען
צו א נידעריקןביימעלע,
און וואָלט זיך געזונגען,
און וואָלט זיך געזונגען
א ראכמאָנעסדיק לידעלע.

אזויווי עס איז דאָך ביטער,
מיין ליבע מוטער,
א פייגעלע אָן א גרינעם גראָז,
אזוי איז דאָך מיר ביטער,
מיין ליבע מוטער,
אן עלנטע אין א פרעמדן הויז.

אזויווי עס איז דאָך ביטער,
מיין ליבע מוטער,
אָן וואסער א פיש,
אזוי איז דאָך ביטער,
מיין ליבע מוטער,
אן עלנטע בא א פרעמדן טיש.

אז דו וועסט וועלן וויסן,
אז דו וועסט וועלן וויסן,
זאָלסטו לייטן פרעגן:
— צי האָט איר ניט געזען,
צי האָט איר ניט געזען
מיין ליבהארציק קינד?

— מיר האָבּן זי געזעגט,
מיר האָבּן זי געזעגט,
אפּן מארק איז זי געגאנגען,
מיט אָרעמקייט באהאנגען,
מיט אָרעמקייט באהאנגען
און הייסע טרערן האָבּן זי באקלאָנגען,

האָט זי זיך געטון,
האָט זי זיך געטון
פאר אונדז, אוי, צו שעמען,
און האָט געלאָזט
אירע הייסע טרערן
אונטער זיך שווימען.



# הייסע טיי










הייסע טיי, קאלטע טיי,
טייגלעך מיט פאסאָליעס;
אַלע שיינע מיידעלעך
האָבן מיִעסע דאָליעס.



# לייג איך מײַן קעפּעלע

*Moderato*

Lejg ix majn ke - pe - le af majn ma-mes be - te - le,
gejt di ma - me far - baj, nox - a - nand zi tut un kvelt:
Šlof, majn tox - ter šej - nin - ke, ej - ge - lex ho - stu klej-nin - ke,
šlof ge - zun - ter - hejt, šlof ge - zun - ter - hejt!

לייג איך מײַן קעפּעלע
אַף מײַן מאַמעס בעטעלע,
גייט די מאַמע פאַרבײַ,
נאָכאַנאַנד זי טוט און קוועלט:
„שלאָף, מײַן טאָכטער, שייניִנקע,
אייגעלעך האָסטו קלייניִנקע,
שלאָף געזונטערהייט! שלאָף געזונטערהייט!"

לייג איך מײַן קעפּעלע
אַף מײַן טאַטנס בעטעלע,

גייט דער טאטע פארבײַ,
נאָכאנאנד ער טוט און קוועלט:
„שלאָף, מײַן טאָכטער, שײנינקע,
אײגעלעך האָסטו קלײנינקע,
שלאָף געזונטערהייט! שלאָף געזונטערהייט!"

לייג איך מײַן קעפעלע
אפ מײַן שוויגערס בעטעלע,
גייט די שוויגער פארבײַ,
נאָכאנאנד זי טוט און שילט:
„מײַן שנור איז קיין בעריע ניט,
קיין מעלאָכע טוט זי ניט,
נאָכאנאנד זי טוט און שלאָפט,
נאָכאנאנד זי טוט און שלאָפט!"

לייג איך מײַן קעפעלע
אפ מײַן שווערס בעטעלע,
גייט דער שווער פארבײַ,
נאָכאנאנד ער טוט און שילט:
„מײַן שנור איז קיין בעריע ניט,
קיין מעלאָכע טוט זי ניט,
נאָכאנאנד זי טוט און שלאָפט,
נאָכאנאנד זי טוט און שלאָפט!"

לייג איך מײַן קעפעלע
אפ מײַן מאנס בעטעלע,
גייט מײַן מאן פארבײַ,
נאָכאנאנד ער טוט און קוועלט:
„שלאָף, מײַן ווײַבעלע, שײנינקע,
אײגעלעך האָסטו קלײנינקע,
שלאָף געזונטערהייט, שלאָף געזונטערהייט!"



# א גוטער נ׳אָוונט, ברײַנע

*Adagio*

A gu - ter no-vnt, Braj - ne, di be - ste šxej - ne

maj - ne, dos harc vert in mir far - brent, zint ix

hob dem mer-der der - kent Pet - reš - ke hob ix far - ge - sn

koj - fn, flejš hot mir majn ma - me - le ge - braxt, di

jojx vet dort ojs - loj - fn, hot - že mir a gu - tin - ke

naxt. Oj, vej, Braj - ne, di be - ste šxej - ne

maj - ne, dos harc vert in mir far - brent, zint ix

hob dem mer-der der - kent.

א גוטער נ׳אָוונט, ברײַנע,
די בעסטע שכײנע מײַנע!
דאָס הארץ ווערט אין מיר פארברענט,
זינט איך האָב דעם מערדער דערקענט.

פעטרעשקע האָב איך פארגעסן קויפן,
פלײש האָט מיר מײַן מאמעלע געבראכט,
די יויך וועט דאָרט אויסלויפן —
האָט־זשע מיר א גוטינקע נאכט!
אוי, ווײ, ברײַנע
די בעסטע שכײנע מײַנע! א.א.וו.

נעכטן האָט ער מיך געשלאָגן,
ברוגז און בלאָ האָט ער מיך געמאכט,
ס׳איז אפילע א בזיוען אויסצוזאָגן —
האָט־זשע מיר א גוטינקע נאכט!
אוי, ווײ, ברײַנע א.א.וו.

כ׳וואָלט זיך מיט אים אוואדע געטן,
דאָס קינד וואָלט איך אים איבערגעלאָזט;
בין איך אָבער שרעקלעך עלנט.
כאָטש גײ און לײג זיך אין גאס!
אוי, ווײ, ברײַנע א.א.וו.



# אוי, קאָרנ

*Andante*

Oj, ko - rn, oj, ko rn! Ko - rn tut men mo - ln, fun
ko - rn maxt men brojt; ej - der der menč štarbt op, vi
[1] bi - ter iz der tojt' [2] bi - ter iz der tojt'

אוי, קאָרנ, אוי, קאָרנ!
קאָרנ טוט מענ מאָלנ,
פונ קאָרנ מאכט מענ ברויט;
איידער דער מענטש שטארבט אָפּ,
ווי ביטער איז דער טויט!

דער מאלכאמאָוועס, דער מאלכאמאָוועס,
ער הייבט שוינ אָנ צו גייִנ,
צוקאָפּנס טוט ער שטייִנ;
פונ פאָרנט טראָגט מענ ס'ווייַבעלע ארויס,
פונ הינטנ קומט א שאדכנ אריַינ!

מע שלאָגט אימ אָנ אנ אלמאָנע,
מע שלאָגט אימ אָנ א גרושע,
ער הערט עס גאָרניט צו;

מע שלאָגט אים אָן א שיין מיידעלע,
קריגט ער כיישעק דערצו.

די שטיפמוטער, די שטיפמוטער,
זי גייט די קינדער צוזאָגן,
הייבט זי זיי אָן צו שלאָגן;
און ווען זיי גייען דעם פאָטער דערציילן,
טוט ער זיי ארויסיאָגן.

— אוי, פאָטער, אוי, פאָטער,
ווו איז אונדזער ליבע מוטער,
וואָס זי האָט אונדז געבאָדן
אין מילעך און אין פוטער?

— אוי, קינדער, אוי, קינדער,
אלצדינג וועט איר קריגן צום עסן,
אָן אייַער טרייפענער מוטערס נאָמען
זאָלט איר שוין פארגעסן!

— אוי, פאָטער, אוי, פאָטער,
ברויט מיט זאלץ וועלן מיר עסן,
אָן אונדזער מוטערס קאָשערן נאָמען
וועלן מיר נישט פארגעסן!

אוי, פאָטער, אוי, פאָטער,
מיר וועלן דיך נישט אָפטרעטן!
זאָג אונדז, ווו אונדזער מוטער ליגט,
וועלן מיר לויפן בעטן!



# אין וואלד וואקסט א ביימעלע

*Moderato*

In vald vakst a- bej-me-le gor a

gri-ninks, ge-bli-bn bin ix a je-soj-me-le

gor ——— a klej-ninks. Oj, bi-ter, bi-ter,

bi-ter iz mir a je-soj-me-le cu blaj-bn,

ni-to cu ve-men, ni-to cu ve-men

bri-ve-lex cu šraj-bn.

אין וואלד וואקסט א ביימעלע
גאָר א גרינינקס;
געבליבן בין איך א יעסוימעלע
גאָר א קליינינקס.

אוי, ביטער, ביטער, ביטער איז מיר
א יעסוימעלע צו בלייבן!
ניטאָ צו וועמען, ניטאָ צו וועמען
בריוועלעך צו שרייבן.

די ערשטע ביטער ביטער איך,
וואָס אין איין פרעמדן לאנד;
די צווייטע ביטער ביטער איך,
וואָס קיין מאזל איז ניטאָ;
די דריטע ביטער ביטער איך,
וואָס קיין עלטערן ניטאָ.

וואָס אין איין פרעמדן לאנד —
וועל איך געוווינט ווערן,
און וואָס קיין מאזל איז ניטאָ —
וועל איך אופוואַרטן,
און וואָס קיין עלטערן איז ניטאָ —
וועל איך אייביק טרויערן.



# דאָס קינד ליגט אין וויגעלע

*Moderato assai*










דאָס קינד ליגט אין וויגעלע
מיט אויסגעוויינטע אויגן,
די מאמע ליגט אפ דער ערד,
די פיס אויסגעצויגן.
ניטאָ, ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ, ניטאָ קיין נעכאָמע!

דאָס קינד ליגט אין וויגעלע
און כאלעשט זויגן,
די מאמע ליגט אין קייווער
מיט שארבנס אפ די אויגן.
ניטאָ, ניטאָ קיין מאמע א.א.וו.

ווער וועט דיך, מײַן קינד,
גלעטן און קעמען?
ווער וועט דיר, מײַן קינד,
די וויגעלע אויסראמען?
ניטאָ, ניטאָ קיין מאמע א.א.וו.

ווער וועט דיך, מײַן קינד,
פוצן און גלעטן?
ווער וועט דיר, מײַן קינד,
דאָס וויגעלע אויסבעטן?
ניטאָ, ניטאָ קיין מאמע א.א.וו.

ווער וועט דיך, מײַן קינד,
פוצן און צירן?
ווער וועט דיך, מײַן קינד,
אין כיידער פירן?
ניטאָ, ניטאָ קיין מאמע א.א.וו.

כ'בין אויסגעגאנגען
אין אלע אפטייקן,
כ'האָב געמיינט, דער מאלכאמאָוועס
וועט ניט קומען די מאמע טויטן.
ניטאָ, ניטאָ קיין מאמע א.א.וו.

כ'בין אויסגעפאָרן
אין אלע שיפן און אלע יאמען,
כ'האָב געמיינט, כ'וועל קריגן קויפן
פארן יאָסעמל א מאמע.
ניטאָ, ניטאָ קיין מאמע א.א.וו.

אין דעם יאָסעמס וויגעלע
האָט זיך ארײַנגעכאפּט א פײַער,
ווי אפן פרײַען פעלד
אין דער שטרוי פון א שײַער.
ניטאָ, ניטאָ קיין מאמע א.א.וו.



# שלאָגט דאָס זייגערל

*Adagio non troppo*

Šlogt dos zej - ge - rl ejns, dos jo - se - ml z'ge - bli - bn a klejns. Un gor - ništ nit ge - ton, un gor - ništ nit ge - traxt, zogt di ne - šo - me - le: a gu - tin - ke naxt, a gu - tin - ke naxt.

שלאָגט דאָס זייגערל איינס!
דאָס יאָסעמל ז׳געבליבן א קליינס.
און גאָרנישט ניט געטאָן, און גאָרנישט ניט געטראכט,
זאָגט די נעשאָמעלע: א גוטינקע נאכט!

שלאָגט דאָס זייגערל צוויי!
דעם יאָסעמל טוט דאָס קעפּעלע וויי.
און גאָרנישט ניט געטאָן א.א.וו.

שלאָגט דאָס זייגערל דרײַ!
דאָס יאָסעמל איז געבליבן פארבײַ.
און גאָרנישט ניט געטאָן א.א.וו.

שלאָגט דאָס זייגערל פיר!
דאָס יאָסעמל ליגט מיט די פיסלעך צו דער טיר.
אונ גאָרנישט ניט געטאָן א.א.וו.

שלאָגט דאָס זייגערל פינף!
פארן יאָסעמל שוין ניטאָ קיין הילף.
אונ גאָרנישט ניט געטאָן א.א.וו.



# שטיי אופ, מייַנ ווייַב

*Andante*

Štej uf, majn vajb, gib di kin-der e-sn, un

du der-gib zix nit Štej uf, majn vajb, tar-bet di bet, un

du der-gib zix nit.

שטיי אופ, מייַנ ווייַב! גיב די קינדער עסנ,
אונ דו דערגיב זיכ ניט!
שטיי אופ, מייַנ ווייַב! פארבעט די בעט,
אונ דו דערגיב זיכ ניט!

שטיי אופ, מייַנ ווייַב! קער אויס די שטוב,
אונ דו דערגיב זיכ ניט!
שטיי אופ, מייַנ ווייַב! מעלק אויס די קו,
אונ דו דערגיב זיכ ניט! —

די ווייַב מאטערט זיכ, זי שטארבט שוינ אוועק,
דער מאנ גלייבט נאָכ ניט.
מע הייבט שוינ די ווייַב אראָפּ אפ דר׳ערד,
אונ דער מאנ גלייבט נאָכ ניט.

מע האָט שוינ דעמ אָרנ געבראכט,
דער מאנ גלייבט נאָכ ניט.

מע האָט שוין די ווײַב אַפּ דער מיטע געלייגט,
און דער מאַן גלייבט נאָך ניט.

מע טראָגט שוין אַוועק די ווײַב פֿון שטוב,
דער מאַן גלייבט נאָך ניט.
מע האָט שוין די ווײַב געלייגט אין גרוב,
דער מאַן גלייבט נאָך ניט.

מע האָט שוין אָרופּגעשאָטן די ערשטע לאָפּעטע,
און דער מאַן גלייבט נאָך ניט.
מע האָט שוין אָרופּגעשאָטן די צווייטע לאָפּעטע,
און דער מאַן גלייבט נאָך ניט.



# אמאָל איז געווען א מיַיסע אזוי

*Andante*

A – mol iz ge – ven a maj – se a – zoj: a
man iz a – vek fun a jun – ger froj; er iz fun ir a –
vek – ge – fo – rn un hot zix op – ge – zamt a jam mit jo – rn, a
jam mit jo – rn in a vaj – ter me – di – ne, di
šej – ne Xa – ne iz ge – bli – bn an a – gu – ne.

אמאָל איז געווען א מיַיסע אזוי:
א מאן איז אוועק פון א יונגער פרוי.
ער איז פון איר אוועקגעפאָרן
און האָט זיך אָפגעזאמט א יאם מיט יאָרן.
א יאם מיט יאָרן אין א וויַיטער מעדינע—
די שיינע כאנע איז געבליבן אן אגונע.

איינמאָל קומט ער צו איר פארשטעלט:
— צי האָסטו קליידער, צי האָסטו געלט?
צי האָסטו קליידער, צי האָסטו שפּענער?
צי האָסטו לוסט צו פרעמדע מענער?
— כ'האָב קיין קליידער, כ'האָב קיין שפּענער?
איך האָב קיין לוסט צו פרעמדע מענער!

א פינגערל האָט ער געבּרענגט — איז עס העל און רויט,
און וועגן וועגט עס זעכציק לויט,
און שיינט איז עס, ווי די גאנצע וועלט,
און ווערט איז עס זייער פיל געלט.
— דאָס פינגערל וועל איך דיר פאר א מאטאָנע שענקען,
נאָר דיין ליבּן מאן זאָלסטו ניט געדענקען!

— אוי, ס'פינגערל איז טאקע העל און רויט,
און וועגן וועגט עס זעכציק לויט,
און שיינט איז עס, ווי די גאנצע וועלט,
און ווערט איז עס זייער פיל געלט.
ס'פינגערל וויל איך פאר א מאטאָנע נישט טראָגן,
נאָך מיין ליבּן מאן וועל איך וויינען און קלאָגן!

א פארטעכל האָט ער איר געבּרענגט — איז עס ווייס ווי קרייד,
און וואשן וואשט זיך עס אזויווי זייד,
לאנג איז עס ביז צו דער ערד,
הונדערט רובּל האָט עס די ווערט.
— ס'פארטעכל וועל איך דיר פאר א מאטאָנע שענקען,
אָן דיין ליבּן מאן זאָלסטו ניט געדענקען!

— ס'פארטעכל איז טאקע ווייס ווי קרייד,
און וואשן וואשט זיך עס אזויווי זייד,
און לאנג איז עס ביז צו דער ערד,
הונדערט רובּל האָט עס די ווערט.
ס'פארטעכל זאָלסטו מיר פאר א מאטאָנע נישט שענקען,
נאָך מיין ליבּן מאן וועל איך טרויערן און בענקען!

— ווײַל איז צו מיר און צו מײַן לײַב,
אז איך בין דײַן מאַן און דו ביסט מײַן ווײַב!
איך דאַנק דיר, איך דאַנק דיר, לעוואָנע,
איך דאַנק דיר, גאָט, פאַר דײַן טײַערער מאַטאָנע!
איך דאַנק דיר, שײנער מאָרגנשטערן,
איך דאַנק דיר, גאָט, פאַר מײַן זיוועג־קערן!



# אונטערנ קינדס וויגעלע

*Andante*

Un – te – rn kinds vi – ge – le štejt a gol – dn
ci – ge – le, s'ci – ge – le z'ge – fo – rn han – dlen
ro – žin – kes mit man – dlen, ro – žin – kes mit
faj – gn, s'kind vet šlo – fn un švaj – gn

אונטערנ קינדס וויגעלע
שטײט א גאָלדנ ציגעלע,
ס'ציגעלע איז געפאָרנ האנדלענ
ראָזשינקעס מיט מאנדלענ,
ראָזשינקעס מיט פײַגנ—
ס'קינד וועט שלאָפנ אונ שווײַגנ.

שלאָפ מיר, שלאָפ מיר אינ דײַנ רו,
מאכ די קאָשערע אײגעלעכ צו,

מאַך זיי צו און מאַך זיי אויף,
קומט דער טאַטע און וועקט דיך אויף.

טאַטע, טאַטע, נישט אויפוועק!
דאָס קינד וועט שלאָפן ווײַטער אַוועק.
שלאָף־זשע, שלאָף, מײַן טײַער קינד,
עס וועט דיר זײַן צו געזונט!



# אײַ־לע־ליו־לע, פֿייגעלע










אײַ־לע־ליו־לע, פֿייגעלע,
מאַך שוין צו דײַן אייגעלע,
שלאָף שוין, שלאָף, שלאָף שוין, שלאָף,
אײַ־לע־ליו־לע, ליו!

אײַ־לע־ליו־לע, זונעניו,
דיך וויגט דײַן מאַמע, זונעניו,
שלאָף שוין, שלאָף, שלאָף שוין, שלאָף,
אײַ־לע־ליו־לע, ליו־לע־לו!



# שלאָפ, שלאָפ, שלאָפ

*Andantino*

Šlof, šlof, šlof, der ta – te vet fo – rn in dorf,
vet er bren – gen an e – pe – le, vet zajn ge – zunt dos ke – pe – le.

שלאָפ, שלאָפ, שלאָפ!
דער טאטע וועט פאָרנ אינ דאָרפ,
וועט ער ברענגענ אנ עפּעלע,
וועט זײַנ געזונט דאָס קעפּעלע.
שלאָפ, שלאָפ א.א.וו.

וועט ער ברענגענ א ניסעלע,
וועט זײַנ געזונט דאָס פּיסעלע.
שלאָפ, שלאָפ א.א.וו.

וועט ער ברענגענ אנ ענטעלע,
וועט זײַנ געזונט דאָס הענטעלע.
שלאָפ, שלאָפ א.א.וו.

וועט ער ברענגענ א ייַכעלע,
וועט זײַנ געזונט דאָס בײַכעלע.
שלאָפ, שלאָפ א.א.וו.

ווען ער ברענגען א פייגעלע,
וועט זײַן געזונט דאָס אייגעלע.
שלאָף, שלאָף א.א.וו.

וועט ער ברענגען א העזעלע,
וועט זײַן געזונט דאָס נעזעלע.
שלאָף, שלאָף א.א.וו.



# שלאָף, דווירעלע

*Andante*

Šlof, Dvoj-re-le, šlof, di fej-ge-lex zin-gen in
vald, zej zin-gen un šprin-gen in gri-nem groz,
zej ve-ln Dvoj-re-len bren-gen vos. Vos ve-ln' zej
bren-gen? Šej-ne, faj-ne rin-gen, di rin-gen ve-ln zajn mit
gold ba-šlo-gn, dos vet Dvoj-re-le tro-gn.

שלאָף, דווירעלע, שלאָף,
די פייגעלעך זינגען אין וואלד,
זיי זינגען און שפרינגען אין גרינעם גראָז,
זיי וועלן דווירעלען ברענגען וואָס.
וואָס וועלן זיי ברענגען? —
שיינע, פײַנע רינגען.
די רינגען וועלן זײַן מיט גאָלד באשלאָגן,
דאָס וועט דווירעלע טראָגן.



# אלע־ליו־לע־ליו־לע

*Andante*

A – le lu – le lu – le, šlof že ajn, majn gdu – le,

max- že cu daj – ne ej – ge – lex di faj – ne.

אלע־ליו־לע־ליו־לע,
שלאָף־זשע אײַן, מײַן גדולע,
מאכ־זשע צו דײַנע
אײגעלעך די פײַנע.

שטײ אופ װידער
מיט געזונטע גלידער,
מײַן ליב, זיס קינד,
גאנצ גיך און געשװינד.



# אז איך וואָלט געהאַט

*Andante*

Az ix volt ge – hat dem kej – sers ojc – res
mit zajn gan – cer me – lu – xe, volt dos ba
mir nit ge – ven a – zoj ni – xe, vi du bist ba mir
ni – xe, majn kind, majn šajn, as ix der – ze
dix, duxt zix mir di gan – ce velt iz
majn. Šlof, majn kind, šlof, majn kind,
zolst lang le – bn un zajn ge – zunt.

אז איך וואָלט געהאַט דעם קייסערס אויצרעס
מיט זײַן גאַנצער מעלוכע,
וואָלט דאָס בײַ מיר ניט געווען אַזוי ניכע,
ווי דו ביסט בײַ מיר ניכע, מײַן קינד, מײַן שײַן!
אַז איך דערזע דיך, דוכט זיך מיר — די גאַנצע וועלט איז מײַן!

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף, מײַן קינד,
זאָלסט לאַנג לעבן און זײַן געזונט!

אַלע בריליאַנטן און אַלע אַנטיקן
קאָנען דאָך מײַן האַרץ אַזוי פיל ניט דערקוויקן,
ווי פיל דו טוסט דערקוויקן, מײַן ליכט, מײַן שײַן,
מיט דיר ווער איך מיינען, אַז די גאַנצע וועלט איז מײַן.

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף, מײַן קינד,
זאָלסט מיר רוען און זײַן געזונט!



# אײַ־לע־ליו־לע שלאָפ

*Andantino*

Aj – le lu – le. šlof. majn li – bes kind, – max- že cu di ej – ge – lex un štej uf ge – zunt; max zej cu un max zej o – fn, ge – zun – tin – ker – hejt zol – stu šlo – fn.

אײַ־לע־ליולע, שלאָפ,
מײַנ ליבעס קינד!
מאכ־זשע צו די אייגעלעכ
אונ שטיי אופ געזונט.
מאכ זיי צו
אונ מאכ זיי אָפנ,
געזונטינקערהייט
זאָלסטו שלאָפנ!

פעסטעסט זיכ אונ וויינסט,
אונ שלאָפנ ווילסטו ניט,—
מאכסט דאָכ אָנ דײַנ מוטער
שמערצנ מיט דערמיט.

זינגען און וויגן
איז דײַן גאַנצער גרונט;
שלאָף־זשע, מײַן קינד,
שלאָף־זשע געזונט!

זשאַבעס מיט בערן
אָן אָפּ דרויסן זיצן,
מיט די הויכע שטעקנס,
מיט די לאַנגע שפּיצן.
א מיידעלע, וואָס וויינט
און וויל ניט רויק זײַן,
נעמען זיי זי צו
און וואַרפן אין טאָרבע אַרײַן.



# שלאָף, מייַן טאָכטער

*Andante*

Šlof, majn tox – ter šej – ne, faj – ne in dajn vi – ge –
le. x'vel zix ze – cn le – bn dir un
zin – gen a li – de – le, x'vel dix vi – gn,
li – der zin – gen, lu – lin – ke, majn kind

שלאָף, מייַן טאָכטער, שיינע, פייַנע,
אין דייַן וויגעלע,
כ'וועל זיך זעצן לעבן דיר
און זינגען א לידעלע.

כ'וועל דיך וויגן,
לידער זינגען,
ליולינקע, מייַן קינד!

פעסטעסט זיך און וויינסט, און וויינסט,
און שלאָפןווילסטו ניט,

מאכסט דאָך דײַן פֿאַרמאַטערטער מוטער
שמערצן מיט דערמיט.

כ'וועל דיך וויגן,
לידער זינגען,
ליולינקע, מײַן קינד!



# שלאָף, מײַן פייגעלע

*Andante*

*p*

Šlof, majn fej - ge - le max cu dajn ej - ge - le,
aj- lu- lu- lu, šlof ge - šmak, majn kind,
šlof un zaj ge - zunt, aj- lu- lu- lu,
šlof un xo - lem zis, fun der velt ge - nis, aj- lu- lu-
lu. Biz va - nen du bist jung, ken - stu šlo - fn gring,

*rit*

la - xn fun alc - ding, aj- lu- lu.

שלאָפ, מײַן פייגעלע,
מאַכ צו דײַן אייגעלע,
איַי־ליו, ליו־ליו!

שלאָפֿ געשמאַק, מײַן קינד,
שלאָפֿ און זײַ געזונט,
אײַ־ליו, ליו־ליו!
שלאָפֿ און כאַלעם זיס,
פֿון דער וועלט געניס,
אײַ־ליו, ליו־ליו!
ביזוואַנען דו ביסט יונג,
קאָנסטו שלאָפֿן גרינג,
לאַכן פֿון אַלצדינג,
אײַ־ליו, ליו!



# זאָלסט אזוי לעבן

*Moderato*

Zolst a – zoj le – bn un zajn ge – zunt, vi
ix vel dir zi – cn un vi – gn s'kind.
Aj – lu- lu, ša- ša- ša, dajn ma – me – ši z'ge gan – gen in
Aj- lu lu, šlof, majn kind, di ma – me – ši vet ku – men
gas a – rajn.
gix un ge – švind.

זאָלסט אזוי לעבן און זײַן געזונט,
ווי איך וועל דיר זיצן און וויגן ס'קינד!
אליו־ליו, שא־שא־שא!
דײַן מאמעשי איז געגאנגען אין גאס ארײַן,
אליו־ליו, שלאָף, מײַן קינד,
די מאמעשי וועט קומען גיך און געשווינד!

זאָלסט אזוי לעבן... ס'ליגט מיר דרינען,
דײַן מאמעשי איז געגאנגען אין גאס פארדינען.
אליו־ליו, שא־שא־שא!

דײַנ מאמעשי איז געגאנגענ אינ גאס ארײַנ,
אליו־ליו, שלאָפ, מײַנ קינד,
די מאמעשי װעט קומענ גיכ אונ געשװינד!

אנדערע מײדעלעכ טאנצנ אונ שפּרינגענ,
אונ איכ מוז דעמ קינד װיגנ אונ זינגענ!
אליו־ליו א.א.װ.

אנדערע מײדעלעכ צוקערלעכ נאשנ,
אונ איכ מוז דעמ קינדס װינדעלעכ װאשנ!
אליו־ליו א.א.װ.



# שלאָף, מײַן קינד

*Andante*

Šlof, majn kind, majn krojn, majn šej _ ner, šlof- že lu lu-
lu, šlof, majn le _ bn, majn ka _ deš ei _ ner
šlof- že, zu _ ne _ _ ńu, šlof, majn le _ bn, majn
ka _ deš ej _ ner, šlof- že, zu _ ne _ _ ńu.

שלאָף, מײַן קינד, מײַן קרוין, מײַן שיינער,
שלאָף־זשע, ליו־ליו־ליו!
שלאָף מײַן לעבן, מײַן קאדעש איינער,
שלאָף־זשע, זונעניו!

בא דײַן וויגל זיצט דײַן מאמע,
זינגט א ליד און וויינט.
דו וועסט אמאָל פארשטיין מיסטאמע,
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אמעריקע איז דער טאטע
דײַנער, ליו־ליו־ליו!
דו ביסט נאָך א קינד לעסאטע!
שלאָפ־זשע, זונעניו!

אין אמעריקע איז יעדן,
זאָגט מען, גאָר א גליק,
און פאר יעדן א גאניידן,
גאָר עפּעס אן אנטיק.

דאָרטן עסט מען אינדערוואָכן
כאלע, זונעניו,
יײַכעלעך וועל איך דיר קאָכן,
שלאָפ־זשע, ליו־ליו.

ער וועט שיקן צוואנציק דאלער,
זײַן פּאָרטרעט דערצו,
און וועט נעמען — לעבן זאָל ער!
אונדז אהינצוצו.

ער וועט כאפּן אונדז און קושן,
טאנצן אזש פאר פרייד,
איך וועל קוואלן טרערן גיסן,
ווייִנען שטילערהייט.

גאָט וועט הייסן, וועט ער שיקן,
בריוועלעך, זונעניו,
גאָר איינגיכן אונדז באגליקן,
שלאָפ־זשע, ליו־ליו־ליו!

ביז עס קומט דער גוטער קוויטל,
שלאָפ־זשע, ליו־ליו־ליו!
שלאָפן איז א טײַער מיטל,
שלאָפ־זשע, זונעניו!



# שלאָפ, מײַנ קינד, שלאָפ קעסיידער

*Andante*

Šlof, majn kind. šlof ke-sej-der. zin-gen vel ix
dir a lid: az du. majn kind. vest el-ter ve-rn,
ve-stu vi-sn an un-ter-šid. Az un-ter-šid.

שלאָפ, מײַנ קינד, שלאָפ קעסיידער,
זינגענ וועל איכ דיר א ליד;
אז דו, מײַנ קינד, וועסט עלטער ווערנ,
וועסטו וויסנ אנ אונטערשיד.

אז דו, מײַנ קינד, וועסט עלטער ווערנ,
וועסטו ווערנ מיט לײַטנ גלײַכ;
דעמלט וועסטו געווירע ווערנ,
וואָס הייסט אָרעמ אונ וואָס הייסט רײַכ.

די טײַערסטע פאלאצנ, די טײַערסטע הײַזער, —
דאָס אלצ מאכט דער אָרעמאנ;

נאָר, ווייסטו, ווער עס טוט אין זיי ווױנען ?—
גאָר נישט דער, נאָר דער רײַכער מאַן.

דער אָרעמאַן, ער ליגט אין קעלער,
דער ווילגאַטש רינט אים פון די ווענט;
דערפון באַקומט ער אַ רעמאַטן־פעלער
אין די פיס און אין די הענט.



# שלאָפ, מײַנ קינד, איכ וועל דיכ וויגנ

*Andante*

Šlof, majn kind, ix vel dix vi - gn, ix

vel dir zin - gen a šej - nem ni - gn, šlof, majn kind,

in dajn ru, max - že daj - ne ej - ge - lex cu

שלאָפ, מײַנ קינד, איכ וועל דיכ וויגנ,
איכ וועל דיר זינגענ א שײנעמ ניגנ,
שלאָפ, מײַנ קינד, אינ דײַנ רו,
מאכ־זשע דײַנע אײגעלעכ צו!

מאכ זײ צו אונ עפנ זײ אופ,
א געזונט דיר אינ דײַנ קאָפ!
שלאָפ, מײַנ קינד, אינ דײַנ רו,
מאכ־זשע דײַנע אײגעלעכ צו!

ווענ דו וועסט אלט ווערנ צוועלעפ יאָר,
וועסטו געפינענ דײַנ באשערטע פאָר,
וועל איכ דיכ כאסענע מאכנ,
נײענ קלײדער אונ אלע גוטע זאכנ.

דײַן טאַטע, ווײ צו זײַנע יאָרן,
אַן אַפּיקורס איז ער געוואָרן,
כאַסענע מאַכן וויל ער דיך גאָר,
ווען דו ווערסט אַלט וועסט אַכצן יאָר.

שלאָף, מײַן קינד, איך וועל דיך וויגן,
כ׳וועל דיר זינגען אַ שײנעם ניגון,
שלאָף, מײַן קינד, אין דײַן רו,
מאַך־זשע דײַנע אײגעלעך צו!



# ליולינקע־ליולי

*Lento*

Lu lin – ke lu – li, der ta – te z'niš – to hi. Vu – hin iz er ge – fo – rn? Kejn Bu – ki. Vos vet ta – te koj – fn? A kel – be – le mit a ki. Ver vet zi mel – kn? Ix un di.

ליולינקע־ליולי,
דער טאטע ז'נישטאָ הי.
ווּהין איז ער געפאָרן? —
קיין בוקי.
וואָס וועט טאטע קויפן? —
א קעלבעלע מיט א קו.
ווער וועט זי מעלקן? —
איך און דו.



# געטראָגן האָט כײַעלע װאַסער אַ קאַן










געטראָגן האָט כײַעלע װאַסער אַ קאַן,
װאַסער אַ קאַן;
דרײַ מאָל אַרום, אַרום.
כײַעלע, כײַעלע, קער זיך אום!



# טרעטי, טרעטי, טרעטי

*Allegro*

Tre - ti, tre - ti, tre - ti, vos di tre - ti zang?
Kumt a šej - ner foj - gl un maxt a šejn ge - zang.
Hot ge - zun - gen, hot ge - zun - gen in draj jor a - rum
drejt zix So - re a - rum!

טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאנג?
קומט א שיינער פויגל
און מאכט א שיין געזאנג.
האָט געזונגען, האָט געזונגען:
אין דריי יאָר ארום
דרייט זיך סאָרע ארום!

סאָרע האָט זיך ארומגעדרייט,
כייע האָט זיך דעם קאָפּ פארדרייט.
טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאנג?

קומט א שיינער פויגל
און מאכט א שיין געזאנג.
האָט געזונגען, האָט געזונגען:
איין דריי יאָר ארום
דרייט זיך כאנע ארום!

כאנע האָט זיך ארומגעדרייט,
ביילע האָט זיך דעם קאָפּ פארדרייט.
טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאגן?
קומט א שיינער פויגל
און מאכט א שיין געזאנג.
האָט געזונגען, האָט געזונגען:
איין דריי יאָר ארום
דרייט זיך יענטע ארום!



# רודע, רודע, ראנע

*Allegretto*

Ru-de, ru-de ra-ne, cu der mu-me Braj-ne,
cu dem fe-ter Jo-sl, cu der mu-me So-sl.
draj mol a-rum, kin-der, kert zix um.

רודע, רודע ראנע,
צו דער מומע ברײַנע,
צו דעמ פעטער יאָסל,
צו דער מומע סאָסל.
דרײַ מאָל ארומ,
קינדער, קערט זיכ אומ!



# איינס, איינס, או

*Allegro*

Ejns, ejns, u, e - lef, e - lef, u,
e - lef, e - lef, e - lef, e - lef, e - lef, e - lef
u, ver se kon cvan - cik cej - ln, cvan - cik iz dox do.

איינס, איינס, או,
עלעפ, עלעפ, או,
עלעפ, עלעפ, עלעפ, עלעפ,
עלעפ, עלעפ, או.
ווער סע קאָנ צוואנציק ציילנ—
צוואנציק איז דאָכ דאָ.



# רינגעלע, רינגעלע רויגעז

*Moderato*

Rin - ge - le, rin - ge - le roj - gez,
zaj - nen mir ge - vo - rn broj - gez,
rin - ge - le, rin - ge - le,
rik,
zaj - nen mir xa - ver cu - rik!

רינגעלע, רינגעלע רויגעז,
זײַנען מיר געוואָרן ברויגעז;
רינגעלע, רינגעלע ריק —
זײַנען מיר כאַווער צוריק!



# קאנ־וואסער

*Moderato*

Kan - va - ser, vejx - va - ser, dos re - dl drejt zix;
di ma - me koxt lok - šn, der ta - te frejt zix.

קאנ־וואסער, ווייכ־וואסער,
דאָס רעדל דרייט זיכ;
די מאמע קאָכט לאָקשנ,
דער טאטע פרייט זיכ.



# ציפ־צאפ, עמערל

*Allegretto scherzando*

pp

Gip cap, e-me-rl, kum cu mir in ke-me-rl, vel
ix dir e-pes vaj-zn, ši-se-lex mit aj-zn.

mf

Bir in di kri-ge-lex, f kin-der in di vi-ge-lex,

p

Kin-der in di vi-ge-lex šra-jen, vi di ci-ge-lex:

sf

Ma-me! sf Ma-me!

ציפ־צאפ, עמערל,
קומ צו מיר אינ קעמערל,
וועל איכ דיר עפעס ווײַזנ,
שיסעלעכ מיט אײַזנ.
ביר אינ די קריגעלעכ,
קינדער אינ די וויגעלעכ.
קינדער אינ די וויגעלעכ,
שרײַענ ווי די ציגעלעכ:
מאמע! מאמע!

# פייגעלע, פייגעלע

*Moderato*

Fej – ge – le, fej – ge – le! Pi pi pi, pi, pi, pi!

Vu iz der ta – te? Ni – to hi, ni – to hi!

Ven vet er ku – men? Mor – gn fri, mor – gn fri!

Vos vet er bren – gen? A fe – se – le bir, a fe – se – le bir.

פייגעלע, פייגעלע!
— פּי־פּי־פּי!
ווו איז דער טאטע?
— ניטאָ הי! ניטאָ הי!
ווענ וועט ער קומענ?
— מאָרגנ פרי! מאָרגנ פרי!
וואָס וועט ער ברענגענ?
— א פּעסעלע ביר! א פּעסעלע ביר!
ווו וועט ער שטעלנ?
— הינטער דער טיר! הינטער דער טיר!
מיט וואָס וועט ער דאָס צודעקנ?
— מיט א שטיקל פּאפּיר! מיט א שטיקל פּאפּיר!
ווער וועט עס טרינקענ?
— איכ מיט דיר! איכ מיט דיר!



# ציפ־צאפ, קורעלאפ

*Allegretto*

Cip cap, ku - re - lap, kumt a foj - gl un
git a tap, kumt di hun un lejgt an ej.

Sof

ku - men di kin - der - lex un raj - sn ojs,
aj, aj, aj, aj, aj, aj, aj!

ציפ צאפ, קורעלאפ,
קומט א פויגל און גיט א טאפ,
קומט די הון
און לייגט אן איי,
קומט א האָן
און גיט א קריי,
קומט די באבע
און באקט די בולקע,
קומט דער זיידע
און רויכערט די ליולקע,

קומט די מוטער
און שמירט מיט פּוטער,
קומען די קינדערלעך
און רײַסן אויס,
אײַ, אײַ, אײַ, אײַ,
אײַ, אײַ, אײַ!



# פאטש־זשע, פאטש־זשע קיכעלעכ

*Moderato*

Pač - že, pač - že ki - xe - lex, der ta - te vet koj - fn

ši - xe - lex, di ma - me vet koj - tn ze - ke - lex,

Jan - ke - le vet ho - bn roj - te be - ke - lex.

פאטש־זשע, פאטש־זשע קיכעלעכ,
דער טאטע וועט קויפנ שיכעלעכ,
די מאמע וועט קויפנ זעקעלעכ —
יאנקעלע וועט האָבנ רויטע בעקעלעכ.



# הער־זשע, טאטע

*Moderato*

Her - že, ta - te, her - že, ta - te,
vos di ma - me hot ge - ton, zi hot ge - koj - let
a - le hi - ner un ge - lozt dem roj - tn hon

הער־זשע, טאטע, הער־זשע, טאטע,
וואָס די מאמע האָט געטאָן,
זי האָט געקוילעט אלע הינער
און געלאָזט דעם רויטן האָן.

הער־זשע, טאטע, הער־זשע, טאטע,
וואָס די מאמע טוט,
ז׳האָט אָפּגעקאָכט א טאָפּ קארטאָפליעס
און מיר גיט זי ניט.



# אמאָל איז געווען

*Moderato*






















אמאָל איז געווען, אמאָל איז געווען
א קליין ייִדעלע, א קליין ייִדעלע,
האָט ער געהאַט, האָט ער געהאַט
א קליין פידעלע, א קליין פידעלע.

אוי, אוי, אוי! אוי, אוי, אוי!
מאכט דאָס פידעלע.
אוי, אוי, אוי, אוי,
מאכט דאָס פידעלע.

אמאָל איז געווען א.א.וו.
א שיין פײַפעלע, א שיין פײַפעלע.
פליו־פליו־פליו! פליו־פליו, פליו!
מאכט דאָס פײַפעלע.
אוי, אוי, אוי, אוי,
מאכט דאָס פידעלע.

אמאָל איז געווען א.א.וו.
א קליין פײַקעלע, א קליין פײַקעלע.
טראָם־טאָם־טאָם! טראָם־טאָם־טאָם!
מאכט דאָס פײַקעלע;
פליו־פליו־פליו! פליו־פליו־פליו!
מאכט דאָס פײַפעלע;
אוי־אוי־אוי, אוי,
מאכט דאָס פידעלע.

אמאָל איז געווען א.א.וו.
א שיין קעצעלע, א שיין קעצעלע.
מיאו־מיאו־מיאו! מיאו־מיאו־מיאו!
מאכט דאָס קעצעלע;
טראָם־טאָם־טאָם! טראָם־טאָם־טאָם!
מאכט דאָס פײַקעלע;
פליו־פליו־פליו...
מאכט דאָס פײַפעלע;
אוי־אוי־אוי, אוי,
מאכט דאָס פידעלע.

אמאָל איז געווען א.א.וו.
א קליינ הינטעלע, א קליינ הינטעלע.
האוו־האוו־האוו! האוו־האוו־האוו!
מאכט דאָס הינטעלע;
מיאו־מיאו־מיאו...
טראָמ־טאָמ־טאָמ...
פליו־פליו־פליו...
אוי־אוי־אוי,
מאכט דאָס פידעלע.



# האָב איך א פּאָר אָקסן

*Allegretto*

Hob ix a por ok - sn, vos zej bro - kn lok - šn.

Ax, vun - der, i - ber. vun - der, vi di ok - sn bro - kn lok - šn.

dos iz mir a vun- der, dos iz mir a vun - der.

האָב איך א פּאָר אָקסן,
וואָס זיי בראָקן לאָקשן!
אכ, ווונדער,
איבער ווונדער,
ווי די אָקסן,
בראָקן לאָקשן, —
דאָס איז מיר א ווונדער!
דאָס איז מיר א ווונדער!

האָב איך א פּאָר בערן,
וואָס זיי שטיבער קערן!
אכ, ווונדער,
איבער ווונדער,
ווי די בערן,
שטיבער קערן, —
דאָס איז מיר א ווונדער!
דאָס איז מיר א ווונדער!

האָב איך א פּאָר ציגן,
וואָס זיי קינדער וויגן!
אך, וווּנדער,
איבער וווּנדער א.א.וו.

האָב איך א פּאָר הינט,
וואָס זיי מאכן טינט!
אך, וווּנדער,
איבער וווּנדער א.א.וו.

האָב איך א פּאָר טויבן,
וואָס זיי בייען הויבן!
אך, וווּנדער,
איבער וווּנדער א.א.וו.

האָב איך א פּאָר הענער,
וואָס זיי קלייַבן שפּענער!
אך, וווּנדער,
איבער וווּנדער א.א.וו.

האָב איך א פּאָר פייגעלעך,
וואָס זיי באקן בייגעלעך!
אך, וווּנדער,
איבער וווּנדער א.א.וו.

האָב איך א פּאָר קעצלעך,
וואָס זיי מאכן פלעצלעך!
אך, וווּנדער,
איבער וווּנדער א.א.וו.



# בא דעמ שטעטל

*Moderato*

Ba dem šte _ tl štejt a šti _ bl
mit a klej _ nem dax, un a _ rum dem
šti _ bl vak _ sn bej _ me _ lex a _ sax, sax.

בא דעמ שטעטל שטייט א שטיבּל
מיט א קליינעמ דאכ,
אונ ארומ דעמ שטיבּל וואקסנ
בּיימעלעכ אסאכ.

אונ דער טאטע מיט דער מאמענ,
כאנעלע מיט מיר, —
שוינ א לאנגע צײַט אינײנעמ
וווינענ אלע פּיר.

אונ דער טאטע ארבּעט, ארבּעט
אלע יאָרנ זײַנע,
אונ ער קויפט אונדז, אונ ער בּרענגט אונדז
זאכנ שיינע, פּײַנע.

קויפט א פערדל, וואָס סע הירזשעט,
מיט דעם נאָמענ מוציק;
קויפט א הינטל, וואָס סע האווקעט,
מיט דעם נאָמענ צוציק.

קויפט א גאנדז מיט א ווײַסנ האלדז,
פעדערלעכ ווײַס ווי שניי;
קויפט א הונ, וואָס קוואָקעט, קוואָקעט,
ביז זי לייגט אנ איי.

נעמט די מאמע אָט די אייער,
אוי, איז דאָס א מויפעס!
זעצט זי אופ אפ זיי א קוואָקע,
האָבנ מיר שיינע אויפעס.

# אין א קליינעם שטיבעלע

*Allegretto*

In a klej nem sti – be – le vojnt an al – te
i – re zi – bn kin der a – le af bejz

ji – de – ne mit a – zoj – ne ne – zer,
vun der mit a – zoj – ne oj – gn,

mit a – zoj – ne o – je – rn, gor – ništ nit ge –
mit a – zoj – ne ke – ep, nor zej tan – cn,

ge – sn, gor – ništ nit ge – trun – ken, fun a – za – me –
sprin – gen, li – der nor zej zin – gen fun a – pi – per –

xa – šef, fun a me – xa – šej – fe, ej – nem kin – der,
no – ter, fun a švar – cn ko – ter in.

špi – ln mir, in – ej – nem, kin – der, tan – cn mir, in –

ej – nem, kin – der, zin – gen mir vos? A li – de – le.

אין א קליינעם שטיבעלע
וווינט אן אלטע יידענע,
מיט אירע זיבן קינדער —
אלע אפ בייז וווּנדער:
מיט אזוינע נעזער,
מיט אזוינע אויגן,
מיט אזוינע אויערן,
מיט אזוינע קעפ,
מיט אזוינע האָר,
מיט אזוינע בערד,
מיט אזוינע בייַכער,
מיט אזוינע רוקנס,
מיט אזוינע זייַטן,
מיט אזוינע פיס,
מיט אזוינע הענט.
גאָרנישט ניט געגעסן,
גאָרנישט ניט געטרונקען,
נאָר זיי טאנצן, שפּרינגען,
לידער נאָר זיי זינגען
פון אזא מעכאשעפ,
פון א מעכאשייפע,
פון א פּיפּערנאָטער,
פון א שווארצן קאָטער.

איניינעם, קינדער, שפּילן מיר,
איניינעם, קינדער, טאנצן מיר,
איניינעם, קינדער, זינגען מיר,
— וואָס?
— א לידעלע!



# האָב איך מיר אַ קליינעם מיכלקע

*Allegretto*

Hob ix mir a klej - nem Mi - xl - ke.
Mi - xl - ke. vojnt er af der lan - ger gas.

maxt er mir ___ vos er vil. ___ maxt er mir. ___
Flu. flu. flu. ___ flu, flu. flu. ___ flu. flu. flu. ___

vos er ken. ___ maxt er mir a faj - fe -
flu. flu. flu. ___ dos iz dos faj - fe -

le. maxt er mir a faj - fe - le
le. dos iz dos faj - fe - le

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכלקע, מיכלקע,
וווינט ער אַף דער לאַנגער גאַס.
מאַכט ער מיר, וואָס ער וויל,
מאַכט ער מיר, וואָס ער קען.
מאַכט ער מיר אַ פײַפעלע:
פליו־פליו־פליו ,פליו־פליו־פליו —
דאָס איז דאָס פײַפעלע.

האָב איך מיר א קליינעם מיכלקע, מיכלקע א.א.וו.
מאכט ער מיר א טראָמבעטשקע:
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו —
דאָס איז דאָס טראָמבעטשקע,
פליו־פליו־פליו, פליו־פליו־פליו —
דאָס איז דאָס פײַפעלע.

האָב איך מיר א קליינעם מיכלקע, מיכלקע א.א.וו.
מאכט ער מיר א פײַקעלע:
טראָם־באָם־באָם, טראָם־באָם־באָם —
דאָס איז דאָס פײַקעלע,
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו —
דאָס איז די טראָמבעטשקע,
פליו־פליו־פליו, פליו־פליו־פליו —
דאָס איז דאָס פײַפעלע.

האָב איך מיר א קליינעם מיכלקע, מיכלקע א.א.וו.
מאכט ער מיר א פידעלע:
טידל־נידל, טידל־נידל —
דאָס איז דאָס פידעלע,
טראָם־באָם־באָם, טראָם־באָם־באָם —
דאָס איז דאָס פײַקעלע,
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו —
דאָס איז די טראָמבעטשקע,
פליו־פליו־פליו, פליו־פליו־פליו —
דאָס איז דאָס פײַפעלע.

האָב איך מיר א קליינעם מיכלקע, מיכלקע א.א.וו.
מאכט ער מיר א צימבעלע:
צים־בים־בים, צים־בים־בים —
דאָס איז דאָס צימבעלע,
טידל־נידל, טידל־נידל —
דאָס איז דאָס פידעלע,

טראָמ־באָמ־באָמ, טראָמ־באָמ־באָמ —
דאָס איז דאָס פּײַקעלע,
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו —
דאָס איז די טראָמבעטשקע,
פֿליו־פֿליו־פֿליו, פֿליו־פֿליו־פֿליו —
דאָס איז דאָס פּײַפּעלע.



# איך בין געפֿאָרן קיין איינס

*Parlando*

Ix bin ge - fo - rn kejn ejns. Far -

vos nit cvej? X'ho' ge kojft a hun. Vos

maxt di hun? *Allegro* Ten - de - ve - ren - de

maxt di hun. Se - ve - re - ve - ver, se - ve - re - ve - ver,

se - ve - re - ve - ver ve - re - ve - re - ver.

— איך בין געפֿאָרן קיין איינס.  
— פֿאַרוואָס ניט צוויי?  
— כ׳האָב געקויפֿט א הון.  
— וואָס מאַכט די הון?

טענדע־ווערענדע — מאַכט די הון,  
סעווערע־וועווער, סעווערע וועווער,  
סעווערע וועווער, ווערע־ווערע־ווער.

— איך בין געפאָרן קיין צוויי.
— פאַרוואָס ניט דרײַ?
— כ'האָב געקויפט א האָן.
— וואָס מאַכט דער האָן?

קוקו־ריקו — מאַכט דער האָן,
טענדע־ווערענדע — מאַכט די הון,
סעווערע־וועווער, סעווערע־וועווער,
סעווערע־וועווער, ווערע־ווערע־ווער.

— איך בין געפאָרן קיין דרײַ.
— פאַרוואָס ניט פיר?
— כ'האָב געקויפט א קאַטשקע.
— וואָס מאַכט די קאַטשקע?

קירי־קירי־קאַטשקע — מאַכט די קאַטשקע,
קוקו־ריקו — מאַכט דער האָן א.א.וו.

— איך בין געפאָרן קיין פיר.
— פאַרוואָס ניט פינף?
— כ'האָב געקויפט א גאַנדז.
— וואָס מאַכט די גאַנדז?

לאַנגער האַלדז — מאַכט די גאַנדז,
קירי־קירי־קאַטשקע — מאַכט די קאַטשקע א.א.וו.

— איך בין געפאָרן קיין פינף.
— פאַר וואָס ניט זעקס?
— כ'האָב געקויפט א בער.
— וואָס מאַכט דער בער?

קריכ אהער — מאַכט דער בער,
לאַנגער האַלדז — מאַכט די גאַנדז א.א.וו.

— איך בין געפאָרן קיין זעקס.
— פאַרוואָס ניט זיבן?
— כ'האָב געקויפט א שליטן.
— וואָס מאַכט דער שליטן?

ווער צעשניטן — מאכט דער שליטן,
קריכט אהער — מאכט דער בער א.א.וו.

— איך בין געפארן קיין זיבן.
— פארוואס ניט אכט?
— כ'האב געקויפט א פערד.
— וואס מאכט דער פערד?
ליגט אין דר'ערד — מאכט דער פערד,
ווער צעשניטן — מאכט דער שליטן א.א.וו.

— איך בין געפארן קיין אכט.
— פארוואס ניט ניין?
— כ'האב געקויפט א וואגן.
— וואס מאכט דער וואגן?

ווער באגראבן — מאכט דער וואגן,
ווער צעשניטן — מאכט דער שליטן,
ליגט אין דר'ערד — מאכט דער פערד,
קריכט אהער — מאכט דער בער,
לאנגער האלדז — מאכט די גאנדז,
קירי־קירי־קאטשקע — מאכט די קאטשקע,
קוקו־רעקו — מאכט דער האן,
טענדע־ווערענדע — מאכט די הון,
סעווערע־וועווער, סעווערע־וועווער,
סעווערע־וועווער, ווערע־ווערע־ווער.

# אז א יינגעלע זעט אן אלעפ

*Parlando, rubato*

Az a jin - ge - le zet an a - lef, an a - lef, zog - że,

zu - ne - ńu, vi - a - zoj - że maxt es? Aj. aj. Un

nox an a - lef, vi - a - zoj - że maxt es? a

*Moderato*

šte - ke - le. Vi że maxt es in - ej - nem? Aj, aj, a

šte - ke - le, ge - denk - że, zu - né - ńu! Be - re - le bom - bik,

aj, aj, a šte - ke - le, ge - denk - że zu - ne - ńu!

Ju - de - le jo - ke - le, to - mer tor men nit xa - se - ne ho - bn,

zog - że, zu - ne - ńu, vos - że vil - stu, hoj - xe hoj - an,




אז א ייִנגעלע זעט אנ אלעפ, אנ אלעפ,
זאָג־זשע, זונעניו, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— אײַ, אײַ!
— און נאָך אנ אלעפ, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— א שטעקעלע.
— ווי־זשע מאכט עס אינײנעמ?
— אײַ, אײַ, א שטעקעלע!
— געדענק־זשע, זונעניו!

אז א ייִנגעלע זעט א בייז, א בייז,
זאָג־זשע, זונעניו, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— בערעלע.
— און נאָך א בייז, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— באָמטשיק.
— ווי־זשע מאכט עס אינײנעמ?
— בערעלע באָמטשיק,
אײַ, אײַ, א שטעקעלע!
— געדענק־זשע, זונעניו!

אז א ייִנגעלע זעט א גימל, א גימל,
זאָג־זשע, זונעניו, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— גענדזעלע.
— און נאָך א גימל, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— גאָנער.

— ווי־זשע מאכט עס אינײנעם?
— גענדזעלע גאָנער,
בערעלע באָמטשיק,
איַי, איַי א שטעקעלע,
— געדענק זשע, זונעניו!

אז א ייִנגעלע זעט א דאלעד, א דאלעד,
זאָג־זשע, זונעניו, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— דארער.
— און נאָך א דאלעד, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— דראָנזשיק.
— ווי־זשע מאכט עס אינײנעם?
— דארער דראָנזשיק,
גענדזעלע גאָנער,
בערעלע באָמטשיק,
איַי, איַי, א שטעקעלע!
— געדענק־זשע זונעניו!

אז א ייִנגעלע זעט א היי, א היי,
זאָג־זשע, זונעניו, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— הויכע.
— און נאָך א היי, וויִאזוי־זשע מאכט עס?
— הויזנ.
— ווי־זשע מאכט עס אינײנעם?
— הויכע הויזנ,
דארער דראָנזשיק,
גענדזעלע גאָנער,
בערעלע באָמטשיק,
איַי, איַי, א שטעקעלע!
— געדענק־זשע, זונעניו!

וואָוו — וואָס־זשע ווילסטו?
זיַיִנ — זאָג־זשע, זונעניו.
כעס — כאסענע האָבנ.
טעס — טאָמער טאָר מענ ניט?
יוד — יודעלע־יאָקעלע.



# שפּילן מיר אין קעסטעלעך










שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס א הון.
— הון, הון, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב מײַן איי!
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווײַטער אזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס א האָן.
— האָן, האָן, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב מײַן קריי!
דעם האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווײַטער אזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס א גאנדז.
— גאנדז, גאנדז, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב מײַן קאָפּ!
דער גאנדזס קאָפּ,
דעם האָנס קריי א.א.וו.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס אן אינדיק.
אינדיק, אינדיק, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב מײַן קראָפּ!
דעם אינדיקס קראָפּ,
דער גאנדזס קאָפּ א.א.וו.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס א מאד.
— מאד, מאד, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב מײַן צאָפּ!
דער מאדס צאָפּ,
דעם אינדיקס קראָפּ א.א.וו.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס א באָכער.
— באָכער, באָכער, וואָס גיסטו צו?
— איך גיב מײַן פּייע.
דעם באָכערס פּייע,
דער מאדס צאָפּ א.א.וו.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס א פּאָרעצ.
— פּאָרעצ, פּאָרעצ, וואָס גיסטו צו?

— איך גיב מײַן דייע.
דעם פּאָרעצס דייע,
דעם בּאָכערס פּייע,
דער מאדס צאָפּ,
דעם אינדיקס קראָפּ,
דער גאנדזס קאָפּ,
דעם האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווײַטער אזוי.



# זונטיק בין איך ניט געווען אין כיידער

*Recitative*

Zun - tik bin ix nit - ge - ven in xej - der.

vajl zun - tik hob ix fajnt. ven di zun

šajnt. cu gejn in fin - cte - rn xej - der un

kve - čn di bank ke - sej - der Ix bin ge -

lo - fn. biz ix bin - ge - vo rn mid

un ix hob ge - zun - gen Jan - ke - les lid.

Oj, vet mir der re - be šmaj - sn. majn hojt




זונטיק בין איך ניט געווען אין כיידער,
ווײַל זונטיק האָב איך פײַנט,
ווען די זון שײַנט,
צו גיין אין פינצטערן כיידער
און קוועטשן די באַנק קעסיידער.
איך בין געלאָפן ביז איך בין געוואָרן מיד,
און איך האָב געזונגען יאַנקעלעס ליד:

אוי, ווען מיך דער רעבע שמײַסן!
מײַן הויט וועט ער מיר אַף שטיקער צערײַסן!
ווײַהי ערעוו, ווײַהי וואָקער, יוים עכאָד.

מאָנטיק בין איך ניט געווען אין כיידער,
ווײַל מאָנטיק איז די ציג
פּאַשעט געוואָרן קלוג,
זי האָט איבערגעריסן די שטריק,
און איז אריבער אַף יענער זײַט בריק,
אַלע זײַנען געלאָפן כאַפּן די ציג,
און איך האָב געזונגען יאַנקעלעס ליד:

אוי, ווען מיך דער רעבע שמײַסן!
מײַנע בעקעלעך וועט ער מיר אויסרײַסן!
ווײַהי ערעוו, ווײַהי וואָקער, יוים שייני.

דינסטיק בין איך ניט געווען אין כיידער,
ווײַל דינסטיק האָב איך ניט פארגעסן,
אז איך האָב געהאט ניט געגעסן.
דער טאטע איז ארומגעלאָפן, ווי א ווילדער ייִד,
די מאמע איז געגאנגען לײַען ברויט,
און איך בין געלאָפן ביז איך בין געוואָרן מיד,
און איך האָב געזונגען יאנקעלעס ליד:

אוי, וועט מיך דער רעבע שמײַסן א.א.וו.



# אז דו ס'טגיינ אינ גאס

*Rubato Recitando*

Az du st'gejn in gas un st'ba -

ge - ge - nen a ji - de - le a ji - de - le a

ji - de - le a štı - ln, a fru - men

oj, oj, oj oj, mit a rojt - le - xer no - -.

oz, mit a bu, a bu, a bu a bu a bojx a fu - ln,

oj, oj, oj, oj oj. Mit di cvej pe - jes vos zej

šle - pn zix af dr'erd, oj, oj oj, oj, mit di

ban - kes, vos er štelt zix frajtek in bod ______




אז דו ס׳ט׳גייִנ אינ גאס,
אונ ס׳ט בּאגעגענענ א ייִדעלע, א ייִדעלע,
א ייִדעלע אַ שטילנ, א פרומענ, אוי, אוי, אוי, אוי!
מיט א רויטלעכער נאָ־אָ־אָז,
מיט א בּוי־א בּוי־א בּוי־א בּויכ א פולנ,
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי!
מיט די צוויי פּייעס, וואָס זיי שלעפּנ זיכ אפּ דר׳ערד,
אוי, אוי, אוי, אוי!
מיט די בּאנקעס, וואָס ער שטעלט זיכ פרײַטיק אינ בּאָד, —
היט זיכ פאר אימ,
היט זיכ פאר אימ, —
ער איז א ייִד א מאָסער.



# דער רעבע מיט די כסידימ

*Moderato*

Der re - be mit di xsi - dim zaj - nen af der ja - bo - še ge - ven, af der ja - bo - še ge - ven, oj vej, der re - be! Un ho - bn af der ja - bo - še a fiš der - zen, oj vej, der re - be!

דער רעבע מיט די כסידימ
זײַנענ אפ דער יאבאָשע געווענ,
אוי, ווײ, דער רעבע!
אונ האָבנ אפ דער יאבאָשע א פיש דערזענ,
אוי, ווײ, דער רעבע!

דער רעבע האָט דעמ פיש
גאַנצ גוט באַטראַכט,
אוי, ווײ, דער רעבע!
אונ האָט דעמ פיש אהײמ דער רעבעצנ געבראַכט,
אוי, ווײ, דער רעבע!

די רעבעצנ האָט דעמ פיש
גאנצ גוט באקוקט,
אוי, וויי, דער רעבע!
אונ האָט דעמ פיש אינ טשאָלנט אריַינגערוקט,
אוי, וויי, דער רעבע!

אונ אז מ׳האָט דעמ פיש
צומ טיש גענומענ,
אוי, וויי, דער רעבע!
איז יעדנ כאָסיד א קאָפּ אָנגעקומענ,
אוי, וויי, דער רעבע!

עפשער ווילט איר וויסנ,
ווו די מיַיסע איז געשענ?
אוי, וויי, דער רעבע!
איז די מיַיסע גאָר קיינ מיַיסע ניט געווענ,
אוי, וויי, דער רעבע!



# ציג־ציגעצאפל

*Andante*

Ha - moj - ci me - xa - vej - roj o - lov ho - ra - jo, ix
vel ajx der - cej - ln a maj - se gor a na - je.
Cig, ci - ge - ca - pl, ci - ge - ca - pl, cig cap,
cig, ci - ge ca - pl. cig cig cap.

האמויצי מעכאווײרוי אָלאָוו האָרײַע,
איכ וועל אײַכ דערציילנ א מײַסע גאָר א נײַע.
ציג־ציגעצאפל, ציגע־צאפל, ציג־צאפ,
ציג־ציגעצאפל, ציג־ציג־צאפ!

די מײַסע האָט זיכ געטראָפנ בעמאָצע הוישײַנעראבע,
איז געבוירנ געוואָרנ א בכאָר א בעקעלע באמ רעבנס גאבע.
ציג־ציגעצאפל א.א.וו.

האָט דער רעבע געהייסנ אימ פוצנ אונ צירנ,
אונ אָנ שײַלעס אונ אָנ מײַנעס אינ מיקווע אימ פירנ.
ציג־ציגעצאפל א.א.וו.

דאָס בעקל האָט מען אָנגעטאָן גאַנץ שיין און גאַנץ פֿײַן,
און מע האָט אים מיט גרויס קאָוועד געפֿירט אין מיקווע אַרײַן.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.

די כסידים פּאַרן עק, דער רעבע פֿאַרן האָרן,
דאָס בעקעלע האָט געגעבן אַ שפּרונג און אַנטלאָפֿן געוואָרן.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.

זײַנען אַלע געלאָפֿן דאָס בעקעלע זוכן,
ס'איז אַפֿילע געלאָפֿן דער קויהענ פֿון דוכן.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.

נאָך אים איז געלאָפֿן די טענדלערקע דאָבע,
נאָך איר איז געלאָפֿן די רעבעצן די גראָבע.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.

נאָך איר איז געלאָפֿן כאַ'ים דער קרומער,
נאָך אים איז געלאָפֿן דער שויכעט דער פֿרומער.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.

דער שויכעט האָט געגעבן אַ כאַפּ דאָס בעקעלע פֿאַרן זאָנאָוו,
האָט ער אים בימכילע מעיִז געוועזן בעפֿאָנאָוו.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.

האָבן אַלע געזען, אַז דאָס איז אַ דיבעק געוועזן,
האָט דער רעבע געהייסן קרישמע צו לעזן.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.

אַף צו מאָרגנס האָט ער געהייסן גוימל צו בענטשן,
וואָס ער האָט מאַצל געווען פֿון דיבעק אַלע מענטשן.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.

איר אַפּיקאָרסים, הולטײַעס, וועט פֿון דעם לאַכן און שפּאָטן,
וועט מען אײַך דערפֿאַר אַף יענער וועלט בריענען און בראָטן.
ציג־ציגעצאַפּל א.א.וו.



# דער רעבע זיצט און שוויצט




















דער רעבּע זיצט און שוויצט
און עס רוט אף אים די הייליקע שכינע,
און די כאסידים זינגען,
טאנצן און שפּרינגען,
און זיי האָבּן האנאָווע פון דעם רעבּנס מינע.

א ווייבּל שטייט און בעט,
אז דער רעבּע זאָל זי בּענטשן מיט דער הייליקער טפילע.
דער כאָסיד בּא דער טיר
שטייט און ווינקט צו איר:
דו דארפסט, ווייבּעלע, דעם רעבּנס סגולע?

דער גאבּע זיצט בּא זיך און מאכט צו די טיר:
וואָס דארפסטו, ווייבּעלע, פאר דעם רעבּן פארגיסן טרערן, —
שייקע דידקעווע טאָבּי טרעבּא?
אז דו קאָנסט, ווייבּעלע, פון מיר געהאָלפן ווערן!



# פאָרט דאָס כאָסידל

*Allegro*

Fort dos xo - si - dl cu dem re - bn,
hot im on - ge - xapt a šlaks - re - gn.
maxt dos xo - si - dl: bim bam!
Maxt dos xo - si - dl: bim bam!

פאָרט דאָס כאָסידל צו דעם רעבן,
האָט אים אָנגעכאפּט א שלאקסרעגן.
מאכט דאָס כאָסידל: בים־באם!
מאכט דאָס כאָסידל: בים־באם!

ווי דער שלאקסרעגן האָט אים אָנגענומען,
איז ער אין קרעטשמע אריינגעקומען.
מאכט דאָס כאָסידל: בים־באם!

ווי ער האָט גענומען א גלעזל בראָנפן טרינקען,
האָט ער גענומען צום מיידל ווינקען.
מאכט דאָס כאָסידל בים־באם!

— מיידעלע, מיידעלע, ביסט מיר זייער געפעלן,
איך וועל דיר שענקען א שנירל קרעלן!
מאכט דאָס כאָסידל: בים־באם!

דאָס שנירל קרעלן האָט זי צוגענומען,
און אים האָט זי געהייסן שפּעטער קומען.
מאַכט דאָס כאָסידל: בּים־באַם!

— מיידל, מיידל, טײַער מיידל,
איך וועל דיר שענקען אַ ציצן קליידל!
מאַכט דאָס כאָסידל: בּים־באַם!

דאָס קליידל האָט זי צוגענומען,
און אים האָט זי געהייסן שפּעטער קומען.
מאַכט דאָס כאָסידל: בּים־באַם!

— מיידל, מיידל, בּיסט מיר זייער גוט,
איך וועל דיר שענקען אַ שיינעם הוט!
מאַכט דאָס כאָסידל: בּים באַם!

דעם שיינעם הוט האָט זי צוגענומען,
און אים האָט זי געהייסן שפּעטער קומען.
מאַכט דאָס כאָסידל: בּים־באַם!

— מיידעלע, מיידעלע גיב אָפּ מײַנע זאַכן!
— פון אַזאַ כאָסידל מעג מען לאַכן!
מאַכט דאָס כאָסידל: בּים־באַם!

איז ער אַוועק אָן וועג און שטעג,
ווי אַ הונט אין די בײַן טעג.
מאַכט דאָס כאָסידל: בּים־באַם!
מאַכט דאָס כאָסידל: בּים־באַם!



# ווען דו וואָלסט געווען
























װען דו װאָלסט געװען דער בוירע־אוילעם,
װאָס װאָלסטו געטאָן?
װען דו װאָלסט געװען דער בוירע אוילעם,
װאָס װאָלסטו געמאכט?
— כ׳װאָלט געמאכט און געמאכט:
כ׳װאָלט געמאכט א טשאָלנט, ער זאָל אין אויװן נישט אַרײַנגײן,
דאָס װאָלט איך געמאכט;
אפּיקאָרסים און מיסנאגדים װאָלט איך א קרענק געגעבן,
נאָר די כסידימלעך.
האלעװײַ, האלעװײַ װאָלט עס עמעס געװען!

װען דו װאָלסט געװען א.א.װ.
— כ׳װאָלט געמאכט און געמאכט:
כ׳װאָלט געמאכט א קוגל, ער זאָל אין טשאָלנט ניט אַרײַנגײן,
דאָס װאָלט איך געמאכט;
אפּיקאָרסים און מיסנאגדים װאָלט איך א קרענק געגעבן,
נאָר די כסידימלעך.
האלעװײַ, האלעװײַ װאָלט דאָס עמעס געװען!

װען דו װאָלסט געװען א.א.װ.
— כ׳װאָלט געמאכט און געמאכט:
כ׳װאָלט געמאכט א בײסוילעם, ער זאָל אין פּארקן ניט אַרײַנגײן,
דאָס װאָלט איך געמאכט;
אפּיקאָרסים און מיסנאגדים װאָלט איך א קרענק באגראָבן,
נאָר די כסידימלעך.
האלעװײַ, האלעװײַ װאָלט דאָס עמעס געװען!



# וואָס פארשטייסטו, פילאָזאָף

*Andante*

Vos far – štej – stu, fi – lo – zof, mit dajn ke – ci – šn

mo — je – xl, kum a – her cum re – bns tiš un nem zix on mit

sej – xl. Ti – ri – bim bim bom, ti – ri – bim bim bom, ti – ri –

bim bim bim bom, oj, oj, ——— ti – ri – bim bim bom, ti – ri –

bim bim bom, ti – ri – bim bim bim bom, oj, oj.

וואָס פארשטייסטו, פילאָזאָף,
מיט דײַנ קעצישנ מויעכל?
קומ אהער צומ רעבנס טיש
אונ נעמ זיכ אָנ מיט סייכל.
טירי־בימ, בימ, באָמ...

א דאמפ־שיפ האָט ער אויסגעקלערט
אונ נעמט זיכ דערמיט איבער,
דער רעבע שפּרייט זײַנ טיכל אויס,
אונ שפאנט דעמ יאמ אריבער.
טירי־בימ, בימ, באָמ...

אנ איַזנבאנ האָט ער אויסגעטראכט,
אונ מיינט, אז ער איז א כאָרעצ,
דער רעבע שפּאָט, דער רעבע לאכט:
ער דארפ דאָס אפּ קאפּאָרעס.
טירי־בים, בים, באָמ...

האָט אויסגעטראכט א לופטבאלאָנ,
אונ נעמט זיכ איבער טאקע,
נאָר אָט דאָס, וואָס דער רעבע קאָנ,
קאָנסטו דאָכ א מאקע.
טירי־בים, בים, באָמ...

צי דענ ווייסטו, וואָס דער רעבע טראכט,
בעשאס ער זיצט ביכידעס?
אינ איינ מינוט אינ הימל פליט...
אונ עסט גאָר שאלעשודעש.
טירי־בים, בים, באָמ...



# לאָמיר אַלע זינגען





















לאָמיר אַלע זינגען, לאָמיר אַלע זינגען
א זעמערל, א זעמערל:
לעכעם לעעכויל, באָסאָר וועדאָגים
וועכויל מאַטאַמים.

— זאָג־זשע מיר, טאַטעניו, וואָס איז לעכעם?
— בא די גרויסע געווירים איז לעכעם א בולקע,
און בא אונדז, אָרעמע קאַפּצאָנים, אוי, ווײ, אָרעמע קאַפּצאָנים
איז לעכעם א דארע סקאָרינקע.
דאָס איז לעכעם!

— זאָג־זשע מיר, טאַטעניו, וואָס איז באָסאָר?
— בא די גרויסע געווירים איז באָסאָר אַן אינדיק,
און בא אונדז, אָרעמע קאַפּצאָנים, אוי, ווײ, אָרעמע קאַפּצאָנים,
איז באָסאָר א דארע קישקע.
דאָס איז באָסאָר!

— זאָג־זשע מיר, טאַטעניו, וואָס איז דאָגים?
— בא די גרויסע געווירים איז דאָגים א העכט,
און בא אונדז, אָרעמע קאַפּצאָנים, אוי, ווײ, אָרעמע קאַפּצאָנים,
איז דאָגים א געוויאַנדזלטער הערינג.
דאָס איז דאָגים!

זאָג־זשע מיר, טאַטעניו, וואָס איז מאַטאַמים?
— בא די גרויסע געווירים איז מאַטאַמים קאָמפּאָט,
און בא אונדז, אָרעמע קאַפּצאָנים, אוי, דאַלפּאָנים,
איז מאַטאַמים געהאַקטע צאָרעס.
דאָס איז מאַטאַמים!



# אלֿעפ — אײַנגעמאכטס




אלֿעפ — אײַנגעמאכטס עסט דער נאָגיד,
בייז — ביינדעלֿעכ הריזעט דער אָרעמאנ.
גימלֿ — גענדזעלֿעכ עסט דער נאָגיד,
דאלֿעד — דאלֿעס האָט דער אָרעמאנ.
היי — הינדעלֿעכ געפּרעגלֿטע עסט דער נאָגיד,
וואָוו — ווייטעקנ האָט דער אָרעמאנ.
זײַענ — זעמלֿ מיט פּוטער עסט דער נאָגיד,
כעס — כאלֿאסנ האָט דער אָרעמאנ.
טעס — טײַבעלֿעכ געבראָטענע עסט דער נאָגיד,
יוד — יעסורימ האָט דער אָרעמאנ.
קאָפ — קאלֿאָשנ טראָגט דער נאָגיד,
לֿאמעד — לֿאפּטיעס טראָגט דער אָרעמאנ.
מעמ — מאשקע טרינקט דער נאָגיד,
נונ — ניכטער איז דער אָרעמאנ.
סאמעכ — סאמעטענע קלֿיידער טראָגט דער נאָגיד,
אײַענ — אָפּגעריסנ גייט דער אָרעמאנ.

פּיי — פּופּקעס געבראָטענע עסט דער נאָגיד,
צאַדיק — צאָרעס האָט דער אָרעמאַנ.
קופ — קאָטלעטנ געפּרעגלטע עסט דער נאָגיד,
רייש — רעטעכ הריזעט דער אָרעמאַנ.
שינ — שּׁרעשעווקיס פּאפּיראָסנ רויכערט דער נאָגיד,
טאָפ — טוטינ פּיפּקעט דער אָרעמאַנ.



# אונ העוועל איז האוואָלימ

*Allegretto*

Un he-vel iz ha-vo-lim, un di velt iz a xo-lem, un a xo-lem iz di velt, un alc kojft men far gelt.

אונ העוועל איז האוואָלימ,
אונ די וועלט איז א כאָלעמ,
אונ א כאָלעמ איז די וועלט,
אונ אלצ קויפט מענ פאר געלט.

אונ פאר געלט קויפט מענ ביר,
אונ וואָס דרײַ איז ניט פיר,
אונ וואָס פיר איז ניט דרײַ,
אונ וואָס אלט איז ניט נײַ.

אונ וואָס נײַ איז ניט אלט,
אונ וואָס ווארעמ איז ניט קאלט,
אונ וואָס קאלט איז ניט ווארעמ,
אונ וואָס רײַכ איז ניט אָרעמ.

און וואָס אָרעם איז ניט רײַך,
און וואָס קרום איז ניט גלײַך,
און וואָס גלײַך איז ניט קרום,
דער, וואָס רעדט איז, ניט שטום.

און שטום איז דאָך שלעכט,
און דער פֿויער איז גערעכט,
און גערעכט איז דער פֿויער,
און וואָס זיס איז ניט זויער.

און וואָס זויער איז ניט זיס,
און וואָס שיין איז ניט מיִעס,
און וואָס מיִעס איז ניט שיין,
און וואָס צום זיצן איז ניט צום שטיין.

און וואָס צום שטיין איז ניט צום זיצן,
און צום לײַב איז גוט צו שוויצן,
און צו שוויצן איז גוט צום לײַב,
און וואָס א מאַן איז ניט קיין ווײַב.

און וואָס א ווײַב איז ניט קיין מאַן,
און וואָס א טאָפּ איז ניט קיין פֿאַן,
און וואָס א פֿאַן איז ניט קיין טאָפּ,
און וואָס קימל איז ניט קיין קראָפּ.

און וואָס קראָפּ איז ניט קיין קימל,
און קיין ערד איז ניט קיין הימל,
און קיין הימל איז ניט קיין ערד,
און א ביקס איז ניט קיין שווערד.



# נאָכ שאבעס, אימירצעשעמ
















נאָכ שאבעס, אימירצעשעמ,
וועכ איכ באמ רעבנ זײַנ,
איכ וועל אימ דערציילנ
פונ דעמ אײַזנבאנ.

אוי, האָט ער א פײַפער
מיט אנ אײַזערנעמ קויעכ,
פונונטנ גיסט זיכ וואסער,
פונויבנ שפּארט א רויכ.

הייסע קוילן
איז בא אים א מייַכל,
קאָכעדיק וואסער
איז בא אים א ייַיכל.

אוי, האָט ער א פּיַיפּער א.א.וו.

דער קוטשער פון דעם באַן
מוז גאָר זײַן א דײַטש,
עכ, איז דאָס א קוטשער,
ער ארבעט אָן א בײַטש.

אוי, האָט ער א פּיַיפּער א.א.וו.

ריבוינעשעלוילעם,
קירצ אים גאָר די יאָרן,
ער זאָל ניט קאָנען גיין,
ער זאָל ניט קאָנען פאָרן.

אוי, האָט ער א פּיַיפּער א.א.וו.



# אמאָל איז געפאָרנ אפנ יאמ

*Moderato tempo rubato*

A - mol iz ge - fo - rn a - fn jam der
re - be, der ca - dik, der bal - nes, a vaj - te raj - ze
fun fil jo - rn hot er ge - maxt in ejn mes - les. Un az der
re - be fort, un az der re - be fort, fo - rn di xa - si - dim - lex
ojx mit im. Un vos ho - bn zej ge - zen? Vos kejn menč
zet es nit. Un vos? Di šif iz ge - šta - nen in
grojs sa - ko - ne, un der re - be hot zi ge - ra - te - vet - kojm, un
di a - pi - kor - sim, di - hul - ta - jes, vos glej - bn nit in re - bn, ji -




אמאָל איז געפאָרנ אפנ יאמ
דער רעבע, דער צאדיק, דער באלנעס.
א ווײַטע רײַזע פונ פיל יאָרנ
האָט ער געמאכט אינ איינ מעסלעס.
אונ אז דער רעבע פאָרט,
אונ אז דער רעבע פאָרט,
פאָרנ די כאסידימלעכ אויכ מיט אימ.
אונ וואָס האָבנ זיי געזענ? —
וואָס קיינ מענטש זעט עס ניט.
אונ וואָס? —
די שיפ איז געשטאנענ אינ גרויס סאקאָנע,
אונ דער רעבע האָט זי געראטעוועט קוימ.
אונ די אפיקאָרסימ, די הולטײַעס,
וואָס גלייבנ ניט אינ רעבנ — יִמאכשעמאָמ.
טײַ־די־ראמ, טײַ־די־ראמ,
טײַ־די־ראמ, טײַ־די־ראמ,
טײַ־די, רײַ־די, טײַ־די־די־ראמ.
טײַ־די־ראמ, טײַ־די־ראמ,
טײַ־די־ראמ, טײַ־די־ראמ,
טײַ־די, רײַ־די, טײַ־די־די־ראמ.

דער רעבע האָט געגעבנ מיטנ אויג א ווונק,
אונ מיט די ארבל האָט ער געפאָכט,
האָט געגעבנ פונעמ יאמ א פיש א שפרונג
אונ האָט זיכ אליינ אָפגעקאָכט.

אָפּגעקאָכט צאַפּלדיק פריש,
און פון מויל אַ וואָרצל כריין
איז ארופגעשפּרונגען צום רעבן אפן טיש,
און דער רעבע האָט עס צעריבן מיט די ציין.
צי דארפט איר דערצו נאָך גרעסערע ראַיעס,
אז דער רעבע איז אין דער זאַך פארמישט ?
און די אפּיקאָרסים, די הולטײַעס,
זיי גלייבן אין דעם רעבן אלץ נאָך נישט.



# ראבויסײַ, ראבויסײַ

*Scherzando*

Ra – boj – saj, ra – boj – saj, xa – xo mim on a

breg! X'vel ajx fre – gn, x'vel ajx fre – gn! Freg šojn, freg šojn,

freg! Ent – fert a – le af majn šaj – le: vi

trinkt a kej – ser tej? Me nemt a hi – te – le

cu – ker un me maxt in dem a le – xe – le un me

gist a – rajn hejs va – ser, un me mišt, un me mišt. Oj

ot a – zoj, oj, ot a – zoj, trinkt a kej – ser tej!

ראבויסיַ, ראבויסיַ, כאכאָמים אָנ א ברעג!
כ׳וועל איַיך פרעגנ, כ׳וועל איַיך פרעגנ!
— פרעג שוינ, פרעג שוינ, פרעג!
— ענטפערט אלע
אפ מיַינ שיַילע:
ווי טרינקט א קייסער טיי?
— טיי?
מע נעמט א היטעלע צוקער,
אונ מע מאכט אינ דעמ א לעכעלע,
אונ מע גיסט אריַינ הייס וואסער,
אונ מע מישט, אונ מע מישט.
אוי, אָט אזוי, אוי, אָט אזוי,
אָט אזוי טרינקט א קייסער טיי!

ראבויסיַ, ראבויסיַ, כאכאָמים אָנ א ברעג!
כ׳וועל איַיך פרעגנ, כ׳וועל איַיך פרעגנ!
— פרעג שוינ, פרעג שוינ, פרעג!
— ענטפערט אלע
אפ מיַינ שיַילע:
ווי עסט א קייסער בולבעס?
— בולבעס?
מע שטעלט אוועק א וואנט מיט פוטער,
אונ א סאָלדאטל
מיט א הארמאטל
שיסט דורכ די פוטער מיט א הייסער בולבע
אונ טרעפט דעמ קייסער גליַיך אינ מויל אריַינ.
אוי, אָט אזוי, אוי, אָט אזוי,
אָט אזוי עסט א קייסער בולבעס!

ראבויסיַ, ראבויסיַ, כאכאָמים אָנ א ברעג!
כ׳וועל איַיך פרעגנ, כ׳וועל איַיך פרעגנ!
— פרעג שוינ, פרעג שוינ, פרעג!

— ענטפערט אלע
אפ מײַנ שײַלע:
װי שלאָפט א קײסער באנאכט?
— װי ער שלאָפט?
מע שיט אָנ א פולנ כײדער מיט פעדערנ
אונ מע שלײַדערט ארײַנ אהינצו דעמ קײסער,
אונ דרײַ ראָטעס סאָלדאטנ שטײענ אונ שרײַענ:
שא! שא! שא!
אוי, אָט אזוי, אוי, אָט אזוי,
אָט אזוי שלאָפט א קײסער באנאכט!



# ברודערקע, דו ביסט דאָך פון אונדזער אָרט

*Moderato*

Bru - der - ke, du bist dox fun un - dzer ort, du muzst dox vi - sn, vos se tut zix dort. Ka - ra - ho - dl, ka - ra - ho - dl, bim bom bom, ka - ra - ho - dl, ka - ra - ho - dl, bim bom bom.

ברודערקע, דו ביסט דאָך פון אונדזער אָרט,
מוזט דאָך וויסן, וואָס סע טוט זיך דאָרט.
קאראהאָדל, קאראהאָדל, בים־באָם־באָם.
קאראהאָדל, קאראהאָדל, בים־באָם־באָם.

דאָס קעצל איז געפּייגערט, די קליאַצינקע איז געשטאָרבן,
דאָס מילעכיקע קלינגל פארלאָרן געוואָרן.
קאראהאָדל, קאראהאָדל, בים־באָם־באָם.

א געשריי, א געפּילדער, א יאָמער, א קלאָג,
דרייַ קאפּאָרעס אין איין טאָג.
קאראהאָדל, קאראהאָדל, בים־באָם־באָם.

פון אזעלכע צאָרעס איז גאָרניט אויסצוהאלטן,
מע מוז פאר צאָרעס נעמען א קאפּינקעלע בראָנפן.
קאראהאָדל, קאראהאָדל, בים־באָם־באָם.



# בא מײַן רעבן איז געוועזן

*Allegretto*

Ba majn re - bn iz ge - ve - zn, iz ge - ve - zn
ba majn re - bn, ba majn re - bn iz ge - ve - zn
a ge - nej - ve: zi - bn lajx - ter, vi di be - rn,
draj on fis - lex, fir on re - rn, ba majn re - bn
iz ge- ve - zn a ge - nej - ve.

בא מײַן רעבן איז געוועזן,
איז געוועזן בא מײַן רעבן,
בא מײַן רעבן איז געוועזן —
א גענייווע:
זיבן לײַכטער, ווי די בערן,
דרײַ אָן פיס און פיר אָן רערן, —
בא מײַן רעבן איז געוועזן א גענייווע.

בא מײַנ רעבנ א.א.וו.
זיבנ העמדער, ווי די בעכער,
דרײַ מיט לאטעס, פיר מיט לעכער, —
בא מײַנ רעבנ איז געװעזנ א געניװע.

בא מײַנ רעבנ א.א.וו.
זיבנ הענער, ווי די ציגל,
דרײַ אָנ קעפּ אונ פיר אָנ פליגל, —
בא מײַנ רעבנ איז געװעזנ א געניװע.

בא מײַנ רעבנ א.א.וו.
זיבנ מוידנ ווי די סאָסנעס,
דרײַ אָנ ציינ אונ פיר אָנ יאסלעס, —
בא מײַנ רעבנ איז געװעזנ א געניװע.



# אז דער רעבע עלימיילעך

*Allegro*

Az der re – be E – li – mej – lex iz ge –

vo – rn ze – jer frej – lex, iz ge – vo – rn ze – jer frej – lex E – li –

mej – lex, hot er ojs – ge – ton dem ki – tl un hot

on – ge – ton di hi – tl un ge – šikt nox di fid – ler di

cvej. Un az di fi – dl – di – ke fid – ler ho – bn

fi – dl – dik ge – fi – dlt, ho – bn fi – dl – dik ge – fi – dlt ho – bn

zej, un az di fi – dl – di – ke fid – ler ho – bn

fi – dl – dik ge – fi – dlt, ho – bn fi – dl – dik ge – fi – dlt ho – bn zej.

אז דער רעבּע עלימײלעך
איז געװאָרן זײער פֿרײלעך,
איז געװאָרן זײער פֿרײלעך
עלימײלעך,
האָט ער אױסגעטאָן דעם קיטל
און האָט אָנגעטאָן די היטל
און געשיקט נאָך די פֿידלער די צװײ.

און אַז די פֿידלדיקע פֿידלער
האָבן פֿידלדיק געפֿידלט,
האָבן פֿידלדיק געפֿידלט
האָבן זײ.

אַז דער רעבּע עלימײלעך
איז געװאָרן נאָך מער פֿרײלעך,
איז געװאָרן נאָך מער פֿרײלעך
עלימײלעך,
האָט ער אָפּגעמאַכט האַװדאָלע
מיטן שאַמעס רעב נאַפטאָלע
און געשיקט נאָך די צימבּלער די צװײ.

און אַז די צימבּלדיקע צימבּלער
האָבן צימבּלדיק געצימבּלט,
האָבן צימבּלדיק געצימבּלט
האָבן זײ.

אַז דער רעבּע עלימײלעך
איז געװאָרן גאָר שטאַרק פֿרײלעך,
איז געװאָרן גאָר שטאַרק פֿרײלעך
עלימײלעך,
האָט ער אױסגעטאָן די טפֿילן
און האָט אױסגעװישט די בּרילן
און געשיקט נאָך די פּײַקלער די צװײ.

און אַז די פּײַקלדיקע פּײַקלער
האָבן פּײַקלדיק געפּײַקלט,
האָבן פּײַקלדיק געפּײַקלט
האָבן זײ.



# יאנקעלע לערנער זיצט אין שול

*Moderato*







יאנקעלע לערנער זיצט אין שול,
צווי באָכורימלעך קלאפּן אָן:
קלאפּטס, קלאפּטס א גאנצע נאכט,
טיר און טויער צוגעמאכט.
מאמע, מאמע, די קאלע גייט,
טו דיר אָן דאָס כופּע־קלייד!
טאטע, טאטע, דער כאָסן גייט,
טו דיר אָן א ספּאָדעק,
וועלן מיר טאנצן א קאָזעק!
איך צו דיר, דו צו מיר,
לאָמיר טאנצן אלע פיר!
איך בין גראָב, דו ביסט גראָב,
לאָמיר טאנצן האָפּ־האָפּ־האָפּ!
איך בין דין, דו ביסט דין,
לאָמיר טאנצן ארום און ארום!
איך בין איידל, דו ביסט איידל,
לאָמיר אלע טאנצן א רעדל!



# אמאָל איז געווענ א גרויסער גוויר

*Allegro*

A – mol iz ge – ven a groj – ser gvir,
hot er ge – hat gelt on a šir;
hot er ge – hat cen tex – ter,
zaj – nen zej ge – ven af laj – ti – še ge – lex – ter.
Du – jim, du – jim, duj, duj, duj,
du – jim, du – jim, duj, duj, duj!

אמאָל איז געווענ א גרויסער גוויר,
האָט ער געהאט געלט אָנ א שיר;
האָט ער געהאט צענ טעכטער,
זײַנענ זיי געווענ אפ לײַטישנ געלעכטער.

דו־יִימ, דו־יִימ, דוי־דוי־דוי!

די ערשטע איידע, די צווייטע ביילע,
די דריטע גאָלדע, די פערטע דווירע,
די פינפטע הענע, די זעקסטע וויכנע,
די זיבעטע זעלדע, די אכטע כאנע,
די ניינטע טויבע, די צענטע יידאשנע.

דו־יים, דו־יים, דוי־דוי־דוי!

האָט ער מיך פאר א שאדכנ געמאכט,
האָב איך אים די שידוכימ אינ שטוב אריינגעבראכט.
זיי וועלנ מיר דאנקענ קאָלזמאנ זיי וועלנ לעבנ
פאר די שידוכימ, וואָס איך וועל זיי געבנ.

דו־יים, דו־יים, דוי־דוי־דוי!

איידע מיט עליענ זיינען א פאָר,
ביילע מיט בערקענ זיינען ווידער א פאָר.

דו־יים, דו־יים, דוי־דוי־דוי!

גאָלדע מיט גדאליענ זיינען א פאָר,
דווירע מיט דאָווידקענ זיינען ווידער א פאָר.

דו־יים א.א.וו.

הענע מיט הירשנ זיינען א פאָר,
וויכנע אונ וואָלפע זיינען ווידער א פאָר.

דו־יים א.א.וו.

זעלדע מיט זאָרעכנ זיינען א פאָר,
כאנע מיט כאצקענ זיינען ווידער א פאָר.

דו־יים א.א.וו.

טויבע מיט טעווקענ זיינען א פאָר,
יידאשנע מיט יערוכעמענ זיינען ווידער א פאָר.

דו־יים א.א.וו.

זיי האָבן מיך פאַר א שאַדכן געמאַכט,
איך האָב זיי די שידוכים אין שטוב אַרײַנגעבראַכט.
זיי וועלן מיר דאַנקען קאָלזמאַן זיי וועלן לעבן
פאַר די כאַלאָקים, וואָס איך וועל זיי געבן.

איידען נאַדן — אַרבעסלעך,
ביילען נאַדן — בעבעלעך,
גאָלדען נאַדן — גערשטעלעך,
דווירען נאַדן — דאָגימלעך,
הענען נאַדן — הערינגלעך,
וויכנען נאַדן — ווײַמפּערלעך,
זעלדען נאַדן — זעמעלעך,
כאַנען נאַדן — כריינדעלעך,
טויבען נאַדן — טײַבעלעך,
יידאַשנען נאַדן — יײַכעלעך.



# עכאָד מי יוידייא

*Allegro*

E - xod mi joj - de - ja? E - xod a - ni joj - de - ja:
ejns iz a ji - de - ne, nit zi lebt un nit zi švebt,
nit a - fn hi - ml un nit af dr'erd.

עכאָד מי יוידייא? עכאָד אני יוידייא:
איינס איז א ייִדענע,
ניט זי לעבט און ניט זי שוועבט,
ניט אפן הימל, ניט אף דר׳ערד.

שנאַים מי יוידייא? שנאַים אני יוידייא:
צוויי עקן אינ א שטעקן,
איינס איז א ייִדענע,
ניט זי לעבט א.א.וו.

שלוישאָ מי יוידייא? שלוישאָ אני יוידייא,
דרײַ עקן אינ א קרעפּל,
צוויי עקן אינ א שטעקן,
איינס איז א ייִדענע א.א.וו.

אַרבּע מי יוֹדעַ? אַרבּע אני יוֹדעַ:
פיר פיסלעך אין אַ בעט,
דרײַ עקן אין אַ קרעפּל,
צוויי עקן אַ.אַ.וו.

כאַמישאָ מי יוֹדעַ? כאַמישאָ אני יוֹדעַ:
פינף פינגער אין אַ כאָפּ,
פיר פיסלעך אין אַ בעט,
דרײַ עקן אין אַ קרעפּל,
צוויי עקן אין אַ שטעקן,
איינס איז אַ ייִדענע,
ניט זי לעבט און ניט זי שוועבט,
ניט אױפֿן הימל און ניט אױף דר'ערד.



# זיצנ זיצנ זיבנ ווײַבער

*Andante*

Zi - cn, zi - cn zi - bn vaj - ber ba a kval un bru - nen,
ba a kval un bru - nen. Zogt ej - ne cu der an - de - rer,
volt majn man ge - ku - men, volt majn man ge - ku - men,
volt ix zix far - štelt far a hoz, volt ix ge-šprun gen i - be - rn groz,
volt mir vojl ba - ku - men, volt mir vojl ba - ku - men.

זיצנ, זיצנ זיבנ ווײַבער
בא א קוואל אונ ברונענ,
בא א קוואל אונ ברונענ;
זאָגט אײנע צו דער אנדערער:
— וואָלט מײַנ מאנ געקומענ,
וואָלט איכ זיכ פארשטעלט
פאר א האָז,

וואָלט איך געשפּרונגען
איבערן גראָז,
וואָלט מיר ווויל באַקומען.

זיצן, זיצן זיבן ווײַבער א.א.וו.
— וואָלט איך זיך פאַרשטעלט
פאַר א בער,
וואָלט איך געשפּרונגען
הין און הער,
וואָלט מיר ווויל באַקומען.

זיצן, זיצן זיבן ווײַבער א.א.וו.
— וואָלט איך זיך פאַרשטעלט
פאַר א קאַץ,
וואָלט איך געשפּרונגען
איבערן פּלאַץ,
וואָלט מיר ווויל באַקומען.

זיצן, זיצן זיבן ווײַבער א.א.וו.
— וואָלט איך זיך פאַרשטעלט
פאַר א מויז,
וואָלט איך געשפּרונגען
איבערן הויז,
וואָלט מיר ווויל באַקומען.

זיצן, זיצן זיבן ווײַבער א.א.וו.
— וואָלט איך זיך פאַרשטעלט
פאַר א בין,
וואָלט איך געפלויגן
אהער און אהין,
וואָלט מיר ווויל באַקומען.



# פונוואַנען קומט איר










— פונוואַנען קומט איר, גוטע בּרידער?
— פון דער קאָלאָמייקע.
— האָט איר נישט געזען אַ מיידעלע,
וועלכע הייסט לייקע?

— יאָ געזען, ניט געזען,
ווילן מיר אײַך נישט זאָגן;
טוט אַ כאַפּ אַ פערד און וואָגן
און טוט איר נאָכיאָגן.

קומען מיר אַרײַן אין קרעטשמע אַרײַן,
הייסט מען אונדז זיצן;
אומגעשיילטע בּאַראַבּאָלעס
הייסט מען אונדז עסן.

אומגעשיילטע באראבאָלעס
זיַינען זייער מיִעס,—
אפּנ אויוונ זיצט א מיידעלע,
איז עס צוקער־זיס.

— וועמעס ביסטו, מיידעלע?
— יאנקל דעמ בעדערס פּאנעלע.
— גיב־זשע מיר ס׳פּיסקעלע
פאר א מאקאראָנעלע.



# וואָס טוט דאָס מיידל אינ וואלד אליינ

*Moderato*

Vos tut dos mej - dl in vald a - lejn? A zoj zogt er. Vos tut dos mej - dl in vald a - lejn, un ver dort iz, un vos dort iz in vil - dn vald a - lejn, in vil - dn vald a - lejn.

— וואָס טוט דאָס מיידל אינ וואלד אליינ?
אזוי זאָגט ער,
וואָס טוט דאָס מיידל אינ וואלד אליינ,
אונ ווער דאָרט איז אונ וואָס דאָרט איז,
אינ ווילדנ וואלד אליינ, אינ ווילדנ וואלד אליינ?

— איכ בינ געקומענ רויזנ קלײַבנ,
אזוי זאָגט זי,
איכ בינ געקומענ רויזנ קלײַבנ,
זאָל דער הער מיט מיר פארבלײַבנ
אינ ווילדנ וואלד אליינ, אינ ווילדנ וואלד אליינ.

— איך קאָן דאָס פאַר מײַן פערד ניט טאָן,
אַזוי זאָגט ער,
איך קאָן דאָס פאַר מײַן פערד ניט טאָן,
און װער דאָרט איז און װאָס דאָרט איז,
אין װילדן װאַלד אַלײן, אין װילדן װאַלד אַלײן.

— לאָז דײַן פערד לױפן,
אַזוי זאָגט זי,
לאָז דײַן פערד לױפן,
װעסט אַן אַנדער קױפן
אין װילדן װאַלד אַלײן, אין װילדן װאַלד אַלײן.

— איך קאָן דאָס פאַר מײַן הונט ניט טאָן, —
אַזוי זאָגט ער,
איך קאָן דאָס פאַר מײַן הונט ניט טאָן,
און װער דאָרט איז און װאָס דאָרט איז,
אין װילדן װאַלד אַלײן, אין װילדן װאַלד אַלײן.

— לאָז דײַן הונט בילן,
אַזוי זאָגט זי,
לאָז דײַן הונט בילן,
מיר װעלן בײדע שפּילן
אין װילדן װאַלד אַלײן, אין װילדן װאַלד אַלײן.

— אָ, דו מײדל, דו ביסט בלינד,
אַזוי זאָגט ער,
אָ, דו מײדל, דו ביסט בלינד,
איך דײַן פאָטער, דו מײַן קינד,
אין װילדן װאַלד אַלײן, אין װילדן װאַלד אַלײן.



# פונעמ שײנעמ־װאָרצל ארויס

*Allegro moderato*

Fu - nem šej - nem vor - cl a - rojs

iz a šej - ner bojm a - rojs. Bojm fu - nem vor - cl,

vor - cl fun der erd, ba - ša - fn hi - ml un erd

פונעמ שײנעמ װאָרצל ארויס
איז א שײנער בוימ ארויס.
בוימ פונעמ װאָרצל,
װאָרצל פונ דער ערד,
זינט ס׳איז באשאפנ הימל אונ ערד.

פונעמ שײנעמ בוימ ארויס
איז א שײנער צװײַג ארויס.
צװײַג פונעמ בוימ,
בוימ פונעמ װאָרצל,
װאָרצל פונ דער ערד,
זינט ס׳איז באשאפנ הימל אונ ערד.

פונעם שיינעם צווײַג ארויס
איז א שיינער נעסט ארויס.
נעסט פונעם צווײַג א.א.וו.

פונעם שיינעם נעסט ארויס
איז א שיינער פויגל ארויס.
פויגל פונעם נעסט א.א.וו.

פונעם שיינעם פויגל ארויס
איז א שיינער פעדער ארויס.
פעדער פונעם פויגל א.א.וו.

פונעם שיינעם פעדער ארויס
איז א גוטע קישן ארויס.
קישן פונעם פעדער א.א.וו.

פון דער גוטער קישן ארויס
איז א שיינע מיידל ארויס.
מיידל פון דער קישן,
קישן פון דער פעדער,
פעדער פונעם פויגל,
פויגל פונעם נעסט,
נעסט פונעם צווײַג,
צווײַג פונעם בוים,
בוים פונעם וואָרצל,
וואָרצל פון דער ערד,
זינט ס'איז באשאפן הימל און ערד.



# גיי איך מיר אריַין צו מײַן געליבטער פרוי

*Moderato*

Gej ix mir a - rajn cu majn ge - lib - ter froj,
eins, cvej, draj, in štal šte - jen fer - de - lex,
ejns un cvej un draj. Ruf ix mix on cu majn ge - lib - ter froj:
„Vos far a fer - de - lex šte - jen do?" Ent - fert
zi mir: „Ki e - lex fun der ba - be - ńu ge - šikt".
Aj, ki - e - lex, mit di le - der - ne zo - te - lex, ——
hej, hej, hej, dos harc tut mir vej, un vil - stu mix
far a man, to vos - že darf - stu zej?

גיי איך מיר אַרײַן צו מײַן געליבטער פרוי,
איינס, צוויי, דרײַ.
אין שטאַל שטייען פערדעלעך,
איינס און צוויי און דרײַ.
רופֿ איך מיך אָן צו מײַן געליבטער פרוי:
„וואָס פאַר א פערדעלעך שטייען דאָ?"
ענטפערט זי מיר: „קיעלעך,
פון דער באַבעניו געשיקט".
אײַ, קיעלעך,
מיט די לעדערנע זאָטעלעך!
היי, היי, היי,
דאָס האַרץ טוט מיר וויי!
און ווילסטו מיך פאַר א מאַן,
טאָ וואָס־זשע דאַרפסטו זיי?

גיי איך מיר אַרײַן צו מײַן געליבטער פרוי,
איינס, צוויי, דרײַ.
אין קיך שטייען שטיוועלעך,
איינס און צוויי און דרײַ.
רופֿ איך מיך אָן צו מײַן געליבטער פרוי:
„וואָס פאַר א שטיוועלעך שטייען דאָ?"
ענטפערט זי מיר: „שטעק־שיכלעך,
פון דער באַבעניו געשיקט".
אײַ, שטעק־שיכלעך,
מיט די זילבערנע שפּאָרעלעך!
היי, היי, היי,
דאָס האַרץ טוט מיר וויי!
און ווילסטו מיך פאַר א מאַן,
טאָ וואָס־זשע דאַרפסטו זיי?

גיי איך מיר אַרײַן צו מײַן געליבטער פרוי,
איינס, צוויי, דרײַ.
אפּ דער וואַנט הענגען שווערדעלעך,
איינס און צוויי און דרײַ.
רוף איך מיך אָן צו מײַן געליבטער פרוי:
„וואָס פאַר אַ שווערדעלעך הענגען דאָ?“
ענטפערט זי מיר: „האַקמעסערס,
פון דער באָבעניו געשיקט“.
אײַ, האַקמעסערס,
מיט גאָלדענע טראָניקלעך!
היי, היי,
דאָס האַרץ טוט מיר וויי!
און ווילסטו מיך פאַר אַ מאַן,
טאָ וואָס־זשע דאַרפסטו זיי?

גיי איך מיר אַרײַן צו מײַן געליבטער פרוי,
איינס, צוויי, דרײַ.
אין בעט ליגן אָפּיצערעלעך,
איינס און צוויי און דרײַ.
רוף איך מיך אָן צו מײַן געליבטער פרוי:
„וואָס פאַר אָן אָפּיצערעלעך ליגן דאָ?“
ענטפערט זי מיר: „דינסטמיידלעך,
פון דער באָבעניו געשיקט“.
אײַ, דינסטמיידלעך,
מיט די שוואַרצע וואָנצעלעך!
היי, היי,
דאָס האַרץ טוט מיר וויי!
און ווילסט מיך פאַר אַ מאַן,
טאָ וואָס־זשע דאַרפסטו זיי?



# פרעגט די וועלט אן אלטע קאשע

*Andante*

Fregt di velt an al - te ka - še: tra - la tra di ri de rom? Ent - fert men: tra di ri di rej - lom, oj oj, tra - di - ri di rom. Un az me vil, ken men dox zo - gn: traj - dim! Blajbt dox vi - der di al - te ka - še: tra la tra di ri di rom?

פרעגט די וועלט אן אלטע קאשע:
טראלא־טראדי־רי־די־ראָם?
ענטפערט מען: טראדי־רידי־רײלאָם,
אוי, אוי, טראדי־רידי־ראָם!
און אז מע וויל, קאָן מען דאָך זאָגן: טרײַ־דים!
בלײַבט דאָך ווידער די אלטע קאשע:
טראלא־טראדי־רי־די־ראָם?



# איינעם איז דאָך זייער גוט

*Moderato*

Ej - nem iz dox ze - jer gut, dem an - de - rn iz nox be - ser; trinkt er tej mit cu - ker, trinkt er tej mit cu - ker; un ix hob dox far - špilt maj - ne jun - ge jo - rn; iz mir dox fin - cter un bi - ter, un bi - ter.

איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערנ איז נאָך בעסער, —
טרינקט ער טיי מיט צוקער;
אונ איך האָב דאָך פארשפּילט מײַנע יונגע יאָרנ,
איז מיר דאָך פינצטער אונ ביטער.

איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערנ איז נאָך בעסער, —
עסט ער גוטע מײַכאָלימ;
אונ איך האָב דאָך פארשפּילט מײַנע יונגע יאָרנ,
אזוי־ווי א שלאָפ אָנ א כאָלעמ.

איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער, —
גייט ער שיינע קליידער;
און איך האָב דאָך פאַרשפּילט מײַנע יונגע יאָרן,
אַזױװי אין אַ פֿינצטערן ביידער.

איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער, —
פֿלאַנצט ער זיך אַ װײַנגאָרטן;
און איך האָב דאָך פאַרשפּילט מײַנע יונגע יאָרן,
אַזױװי אַ קאַרטיאָזשניק אין קאָרטן.



# בא א טײַך, וואָס ער איז טיף און ברייט

*Andante*

Ba a tajx, vos er iz tif un

brejt, ze ix an i - ber - for* bam breg štejt un

a - le cu im ci - en, fun bej - de zaj - tn, fun bej - de

bre - gn men - čn, ferd un ve - gn ——

aj - In - dik a - hin fli - en. Di a - le men - čn

vin - čn zix un ben - čn, zej zo - ln glik - lex a - ri - ber dem

tajx. Un - dzer le - bn iz der pa - rom,

velt iz ba undz der thom, bri - der, dos mejnt men ta - ke ajx!

בײַ אַ טײַך, װאָס ער איז טיף און ברייט,
זע איך אַן איבערפֿאָר באַם ברעג שטייט,
און אַלע צו אים ציִען,
פֿון בײדע זײַטן, פֿון בײדע ברעגן,
מענטשן, פֿערד און װעגן
אײַלנדיק אַהין פֿליִען.
די אַלע מענטשן
װינטשן זיך און בענטשן,
זיי זאָלן גליקלעך אַריבער דעם טײַך.
אונדזער לעבן איז דער פּאַראָם,
די װעלט איז בײַ אונדז דער טהאָם,
ברידער, דאָס מײנט מען טאַקע אײַך!



# ווי דער מענטש ווערט געבוירן

*Moderato*

Vi der menč, vert ge - boj - rn, vigt men im
in a vig, vi er kumt in di mi - te - le jo - rn,
zuxt er zix dos glik, un vi er kumt in di -
el - te - re jo - rn, gejt er a - hin cu - rik.

ווי דער מענטש ווערט געבוירן,
וויגט מען אים אין א וויג,
ווי ער קומט אין די מיטעלע יאָרן,
זוכט ער זיך דאָס גליק,
און ווי ער קומט אין די עלטערע יאָרן,
גייט ער אהין צוריק.
און ווי ער קומט אין די עלטערע יאָרן,
גייט ער אהין צוריק.

ווי דער מענטש ווערט געבוירן,
איז ער זייער קליין,
ווי ער קומט אין די מיטעלע יאָרן,
איז ער זייער שיין,

און ווי ער קומט אין די עלטערע יאָרן,
רופט מען אים אהיים.

ווי דער מענטש ווערט געבוירן,
איז ער זייער רויט,
ווי ער קומט אין די מיטעלע יאָרן,
זוכט ער דאָס שטיקל ברויט,
און ווי ער קומט אין די עלטערע יאָרן,
קומט אף אים דער טויט.



# בין איך מיר א העזעלע

*Moderato*

Bin ix mir a he-ze-le, a he-ze-le
af der velt, šre-ke-niš un pajn bin ix ojs-ge-
štelt; šre-ke-niš un pajn, šre-ke-niš un
pajn fun der gan-cer velt muz ix ojs-štejn,
bin ix mir ån o-re-min-ker he-ze-le a-lejn.

בין איך מיר א העזעלע, א העזעלע אף דער וועלט,
שרעקעניש און פּײַן בין איך אויסגעשטעלט;
שרעקעניש און פּײַן, שרעקעניש און פּײַן
פון דער גאנצער וועלט מוז איך אויסשטיין,—
בין איך מיר אן אָרעמינקער העזעלע אליין!

גייט זיך מיר דער ווינטערל, דער ווינטערל מיט די גרויסע שניי,
ווערט דאָך מיר ווינד און וויי;
ווינד און וויי איז דאָך מיר,
וואָס איך האָב ניט קיין קוואַרטיר,—
בין איך מיר אַן אָרעמינקער העזעלע אַליין!

טו איך מיר שטיין, שטיין אַפן הויכן באַרג,
יאָגט דאָך מיך דער יעגער זייער שטאַרק;
יאָגט ער מיך געשווינד
און שיקט אַף מיר די הינט,—
בין איך מיר אַן אָרעמינקער העזעלע אַליין!

דאָ ווער איך שוין געפאַנגען, געפאַנגען זייער גיך,
ברענגט מען מיך צום פּאָרעץ אַפן קיך;
שנײַדט מען מיר דאָס בײַכעלע אײַן,
טרינקט מען דערנאָך מעד און ווײַן,—
בין איך מיר אַן אָרעמינקער העזעלע אַליין!



# איז געווען אמאָל א פאסטעכל

*Recitando*

Iz ge - ven a - mol a pa - ste - xl, a

pa - ste - xl, iz ba ım far - lo - rn ge - gan - gen a

še - fe - le, a še - fe - le, gejt er,

zet er: fort a fur mit štejn - de - lex, mit

štejn - de - lex, t'er ge - mejnt, az dos iz fun še - fe - le di

bejn - de - lex, di bejn - de - lex.

Zogt er: „A - do - oj - ni, a - do - oj - ni, a -

do – – – oj – ni,

či ne ba – – čiv ti,

či ne vi – – dzial ti mo – jej ov – ci?“

Maxt ei „Net!“ Bi – da, bi – du, ov –

ci niš – to, a jak -že ja do do – mu pri – du?

איז געווען אמאָל א פאסטעכל,
א פאסטעכל,
איז בא אים פארלאָרן געגאנגען א שעפעלע,
א שעפעלע.
גייט ער, זעט ער: פאָרט א פור מיט שטיינדעלעך,
מיט שטיינדעלעך,
ט׳ער געמיינט, אז דאָס איז פון שעפעלע די ביינדעלעך,
די ביינדעלעך.
זאָגט ער: אדויני, אדויני, אדויני!
טשי ניע באטשיוו טי,
טשי ניע ווידזיאל טי,
מאָיעי אָווצי?
מאכט ער:
— ניעט!
בידא, בידו,

אָוצי נישטאָ,
א יאק־זשע יא
דאָ דאָמו פרידו?

גייט ער, זעט ער: פּאָרט א פור מיט דערנערלעכ,
מיט דערנערלעכ,
האָט ער געמיינט, אז דאָס איז פונ שעפּעלע די הערנערלעכ,
די הערנערלעכ.
זאָגט ער: אדויני א.א.וו.

גייט ער, זעט ער: פּאָרט א פור מיט ניסעלעכ,
מיט ניסעלעכ,
האָט ער געמיינט, אז דאָס איז פונ שעפּעלע די פּיסעלעכ,
די פּיסעלעכ.
זאָגט ער:
אדויני, אדויני, אדויני!
טשי ניע באטשיוו טי,
טשי ניע ווידזיאל טי,
מאָיעי אָוצי?
מאכט ער:
— ניעט!
בידא, בידו
אָוצי נישטאָ,
א יאק־זשע יא,
דאָ דאָמו פרידו?



# צען ברידער

*Moderato*

Cen bri - der zaj - nen mir ge - ve - zn,

ho - bn mir ge - han - dlt mit lajn, ej - ner iz ge -

štor - bn, iz ge - bli - bn najn. Oj,

Šme - rl, mit dem fi - - dl, Te - vje mi - tn bas,

špil ze mir a li - dl a - fn mi - tn gas.

O - o - oj, o - o - oj, špil - ze mir a

li - - dl a - fn mi - tn gas.

צען ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט לײַן,
איינער איז געשטאָרבן,
איז געבליבן נײַן.

אוי, שמערל מיט דעם פידל,
טעוויע מיטן באַס,
שפּילט־זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
אוי, אוי,
שפּילט־זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!

נײַן ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט פראַכט,
איינער איז געשטאָרבן,
איז געבליבן אַכט.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.

אַכט ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט ריבן,
איינער איז געשטאָרבן,
איז געבליבן זיבן.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.

זיבן ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט געבעקס,
איינער איז געשטאָרבן
איז געבליבן זעקס.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.

זעקס ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט שטרימפּ,
איינער איז געשטאָרבן

איז געבליבן פינף.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.

פינף ברידער זײַנען מיר געוועזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט ביר,
איינער איז געשטאָרבן,
איז געבליבן פיר.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.

פיר ברידער זײַנען מיר געוועזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט בלײַ,
איינער איז געשטאָרבן,
איז געבליבן דרײַ.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.

דרײַ ברידער זײַנען מיר געוועזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיט היי,
איינער איז געשטאָרבן,
איז געבליבן צוויי.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.

צוויי ברידער זײַנען מיר געוועזן,
האָבן מיר געהאנדלט מיטביינער,
איינער איז געשטאָרבן
איז געבליבן איינער.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.

איין ברודער בין איך מיר געוועזן,
האָב איך געהאנדלט מיט ליכט,
שטארבן טו איך יעדן טאָג,
ווײַל עסן האָב איך ניכט.

אוי, שמערל מיט דעם פידל א.א.וו.



# א זעמערל

*Moderato*

A ze - me - rl, a ze - me - rl, oj,
lo - mir zin - gen a ze - me - rl.

Av - re - me - le der šu - ster, jo - kum bem - be,
iz a gu - ter šnaj - der, jo - kum bem - be, maxt er an oj - vn,
jo - kum bem - be, ligt er in ta - li - je, jo - kum bem - be,
ojs - ge - go - sn, jo - kum bem - be, vl a - po - me - nı - ce va - ser,
jo - kum bem - be. Got, majn ta - te, got, majn fo - ter,




א זעמערל, א זעמערל,
אוי, לאָמיר זינגען א זעמערל!
אווּרעמעלע דער שוסטער — יאָקום בעמבע,
איז א גוטער שנײַדער — יאָקום בעמבע,
מאכט ער אן אויוון — יאָקום בעמבע,
ליגט ער אין טאַליע — יאָקום בעמבע,
אויסגעגאָסן — יאָקום בעמבע,
ווי א פּאָמעניצע וואסער — יאָקום בעמבע.
גאָט מײַן טאטע, גאָט מײַן פאָטער,
ראזאָם כאָראָשאָ!
ווען איז דאָס געווען, ווען איז דאָס געווען? —
כאפּצי באלײַלאָ!

א זעמערל, א זעמערל,
אוי, לאָמיר זינגען א זעמערל!
אווּימעלעך האָט גערייטן — יאָקום בעמבע,
זומער אף א שליטן — יאָקום בעמבע,
ווינטער אף א ריבײַזן — יאָקום בעמבע,
צוגעשמיסן — יאָקום בעמבע,
דרײַ פּאָר סוסים — יאָקום בעמבע,
מיט א כאנוקע-ליכטל — יאָקום בעמבע.
גאָט מײַן טאטע, גאָט מײַן פאָטער,
ראזאָם כאָראָשאָ!
ווען איז דאָס געווען, ווען איז דאָס געווען? —
כאפּצי באלײַלאָ!



# קלעזמאָרימלעכ מײַנע ליבינקע

*Andante ma non troppo*

Klez - mo - rim - lex maj - ne li - bin - ke. klez -
mo - rim - lex maj - ne zi - sin - ke! Špilt mir a
bi - sin - ke koj - dem ha - mi - se. Oj, az ix
volt a - fn sof ge - traxt, volt ix majn
velt a - zoj na - riš nit far - braxt. braxt.

קלעזמאָרימלעכ מײַנע ליבינקע,
קלעזמאָרימלעכ מײַנע זיסינקע!
שפילט מיר אביסינקע קוידעמ האמיסע!
אוי, אז איכ וואָלט אפנ סאָפ געטראכט,
וואָלט איכ מײַנ וועלט אזוי נאריש ניט פארבראכט!
אוי, אז איכ וואָלט אפנ סאָפ געטראכט,
וואָלט איכ מײַנ וועלט אזוי נאריש ניט פארבראכט!
קלעזמאָרימלעכ מײַנע ליבינקע,
קלעזמאָרימלעכ מײַנע זיסינקע!



# פאר דעם ליבן כאווער סטאלין

*Allegretto*










ס'האָט געלעבט מיט אונדז א כאווער,
אײַ־אײַ, אײַ־אײַ־אײַ,
ס'איז געווען א יאט אַ בראווער,
אײַ־אײַ, אײַ־אײַ־אײַ!
ס'איז געווען א יאט אַ בראווער,
אײַ־אײַ, אײַ־אײַ־אײַ!

פון דער שטאָט אראָפּגעקומען,
אײַ־אײַ, אײַ־אײַ־אײַ,
האָט ער אונדז צונויפגענומען,
אײַ־אײַ, אײַ־אײַ־אײַ!

האָדי קוקן אפ די שטערן,
אײַ־אײַ, אײַ־אײַ־אײַ,
א קאָלווירט זאָל בא אונדז ווערן,
אײַ־אײַ, אײַ־אײַ־אײַ!

לאָמיר טרינקען אַ לעכאַיִם,
איי־איי, איי־איי־איי,
פאַר דעם לעבן פאַר דעם נייעם,
איי־איי, איי־איי־איי!

פאַר די פעלדער פאַר די זאַטע,
איי־איי, איי־איי־איי,
פאַר דער נייער הויכער כאַטע,
איי־איי, איי־איי־איי!

לאָמיר טרינקען אַ לעכאַיִם,
איי־איי, איי־איי־איי,
פאַר די קינדער פאַר די טרייע,
איי־איי, איי־איי־איי!

פאַר די קינדער, פאַר די זקיינים,
איי־איי, איי־איי־איי,
און פאַר אַלעמען אינײנעם,
איי־איי, איי־איי־איי!

זאָל דער ערשטער קאָס זיך כוואַליען,
איי־איי, איי־איי־איי,
פאַר דעם ליבן כאַווער סטאַלין,
איי־איי, איי־איי־איי!



# אופגעגאנ איז אונדזער ברויט

*Allegretto*

Uf ge - gan iz un - dzer brojt gol - dn vejc' un ko - rn, na - je haj - zer ojs - ge - bojt brič - kes af re - so - rn.

אופגעגאנ איז אונדזער ברויט,
גאָלדנ ווייצ אונ קאָרנ,
נײַע הײַזער אויסגעבויט,
בריטשקעס אפ רעסאָרנ.

סטאלינ איז אינ יעדער שטוב
אינ א טײַער רעמל,
אונ די ראדיאָ ברענגט אינ קלוב
גרוסנ פונעמ קרעמל.



# מיר פײַערן דעם אָקטיאבער־יאָנטעװ

*Allegretto*

Mir fa - je - rn dem ok - tja - ber- - jon - tev, es

falt der er - šter šnej, mir ho - bn far kej - nem kejn

moj - re nit, es firt undz di par - tej. La

la la la la la la, la la la la la la

la, la la la la la la la, la es

, firt undz di par - tej.

מיר פײַערן דעם אָקטיאבער־יאָנטעװ,
עס פאַלט דער ערשטער שניי,
מיר האָבן פאַר קײנעם קײן מוירע ניט,
עס פירט אונדז די פּאַרטײ.

מיר פײַערנ דעמ אָקטיאבער־יאָנטעוו,
אלע פונ קליינ ביז גרויס,
אונ אלע סאָנימ אפ צולאָכעס
גייענ מיר אלצ פאָרויס.

מיר, די שלאָגלער פונ די שאכטעס,
גייענ האנט־בא־האנט,
טויזנטער טאָנעכ גוטע קוילנ
גיבנ מיר דעמ לאנד.

דאָס לעבנ איז געוואָרנ בעסער,
דאָס לעבנ איז געוואָרנ פריילעכ,
גיי איכ מיר א טענצל
מיט מײַנ טרויקע מיידלעכ.

# מיר זײַנענ ארויסגעגאנגענ גאנצפרי אפ די גאסנ

(אפ כאווער קיראָווס טויט)

*Moderato*

Mir zaj-nen a - rojs-ge - gan-gen ganc - fri af di
ga - sn ——— un ge - tro - fn švar - ce fo-nen af di
to - je - rn, ——— mir ho - bn zix der - vust
fun der vi - ster je - di - je, ——— az und - zer
land hot a fi - rer on ge- voj - rn.

מיר זײַנענ ארויסגעגאנגענ גאנצפרי אפ די גאסנ
אונ געטראָפנ שווארצע פאָנענ אפ די טויערנ,
מיר האָבנ זיכ דערוווסט פונ דער וויסטער יעדיִע,
אז אונדזער לאנד האָט א פירער אָנגעווירנ.

מיר האָבנ זיכ פארקליבנ אלע אײנײנעמ,
דאָס הארצ האָט זיכ אונדז מיט בלוט פארגאָסנ:

ווּ איז דער מערדער, דער ביטערער,
וואָס האָט דעם כאַוועך קיראָוו דערשאָסן?

פאַרשאָלטן זאָל ער זײַן, דער מערדער דער בלוטיקער,
פאַרניכטעט זאָל ער זײַן, דער האַמאָן!
מיר שטייען אַף די גאַסן רעדלעכווײַז,
און בײַ יעדערן אין הארצן קיראָווס נאָמען.

דער כאַוועך סטאַלין איז געגאַנגען אַף דער לעוויע
און געטראָגן זײַן טײַערן כאַוועך,
דעם טאָג, וואָס מע האָט דעם כאַוועך קיראָוו דערשאָסן,
איז אין גאַנצן לאַנד געווען אַ טראָוער.



# אמאָל איז געווען א צייַט



















אמאָל איז געווען א צייַט,
זייַנען געווען אסאך אָרעמעלייַט,
און הייַנט זייַנען מיר אלע רייַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלייַך.
טרא־לא־לא...

פאַרמעגלעך זײַנען מיר יעצט,
צײַט מיר האָבן ניקאָלײַען אַראָפּגעזעצט.
מיר זײַנען בעעמעס אַלע רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.
טראַ־לאַ־לאַ...

עס הייבט זיך אַ זאַוואָד נאָך אַ זאַוואָד,
און אַף אַ פּוסטן אָרט וואַקסט אויס אַ שטאָט.
מיר זײַנען הײַנט אַלע רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.
טראַ־לאַ־לאַ...

עס וואַקסן די קאָלווירטן אומעטום,
און גרויס איז אונדזער יאָנטעוו, אונדזער רום.
מיר זײַנען הײַנט אַלע רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.
טראַ־לאַ־לאַ...

און מיר שפּאַנען, און מיר גייען פֿאָרויס,
פֿון אונדזערע סאָנים לאַכן מיר זיך אויס.
מיר זײַנען דאָך אַלע רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.
טראַ־לאַ־לאַ...



# שפילט־זשע מיר, קלעזמאָרימלעכ

*Moderato*

Špilt - že mir, klez mo - rim - lex, špilt - že mir a

frei - le - xl, a frej - le - xl far a - le gu - te frajnt, oj, oj,

ma - zl - tov git mir op, git mir op ma - zl - tov, a

groj - se sim - xe iz ba mir hajnt. Kejn

gre - se - re sim - xe z'ba a ma - me - ńu ni - to,

frej - lex, lu - stik, oj, a - cind, oj, oj, vi der

lebt šojn di ma - me di glik - le - xe šo

xas'- ne ma xn ir ejn - ejn - cik kind, aj, aj, aj, vi der kind.

שפּילט־זשע מיר, קלעזמאָרימלעך, שפּילט־זשע מיר א פרײלעכל,
א פריילעכל פאר אלע גוטע פרײַנט, אוי, אוי!
מאזלטאָוו גיט מיר אָפּ, גיט מיר אָפּ מאזלטאָוו,
א גרויסע סימכע איז בא מיר הײַנט!

קיין גרעסערע סימכע ז׳בא א מאמעניו ניטאָ,
פריילעך לוסטיק, אוי, אצינד, אוי, אוי,
ווי דערלעבט שוין די מאמע די גליקלעכע שאָ, —
כאסענע מאכן איר איין־איינציק קינד!

שפּילט־זשע מיר, קלעזמאָרימלעך, שפּילט אפּ גאנץ קאלינינדאָרף,
קומט שוין גיכער, ליבע געסט, ארײַן!
גוטע בולקעס ווײַסינקע, אפּ די טישן געגדזעלעך,
רויטינקער קאָלווירטישער ווײַן.

קיין גרעסערע סימכע ז׳בא א מאמעניו ניטאָ,
פריילעך, לוסטיק, אוי, אצינד, אוי, אוי!
ווי דערלעבט שוין די מאמע די גליקלעכע שאָ, —
כאסענע מאכן איר איין־איינציק קינד!



# וואָס זיצסטו אזוי באצאָרנט

*Allegretto*

Vos zic - stu a - zoj ba - co - rnt,

zu - ne - ńu, vos zic - stu a - zoj ba - co - ınt,

zu - ne - ńu? X'hob lib a šejn mej - de - le,

ma - me - ńu, x'hob lib a šejn mej - de - le, ma - me - ńu.

וואָס זיצסטו אזוי באצאָרנט, זונעניו?
כ'האָב ליב א שיינ מיידעלע, מאמעניו.
ווער־זשע איז דאָס מיידעלע, זונעניו?
א יונגע קאָמסאָמאָלאָטשקע, מאמעניו.
צי האָט זי עפּעס נאדנ, זונעניו?
צוויי גאָלדענע הענטעלעכ, מאמעניו.
צי האָט זי עפּעס צירונג, זונעניו?
א קימ אפנ בלוזקעלע, מאמעניו.

ווער וועט דיך אונטער דער כופּע פירן, זונעניו?
דער גאנצער קאָמסאָמאָל, מאמעניו.
אוי, ווער־זשע וועט דיך בענטשן, זונעניו?
אוי, סטאַלין מיט קאַלינינען, מאמעניו.
ווער־זשע וועט דיר עסן געבן, זונעניו?
די גאנצע קאָמונע, מאמעניו.



# אז מע פאָרט קיינ סעוואסטאָפּאָל

*Allegro*

Az me fort kejn Se-va-sto-poĺ, iz nit vajt fun
Sim-fe-ro-pol dor-tn iz a stan-ci-je fa-
ran. Ver darf zu-xn na-je gli-kn, s'iz a stan-cje
an an-ti-kl, in Džan-ko-je, džan, džan, džan.
Hej, džan, hej, Džan-ko-je, hej, džan-vi-li, hej, Džan-ko-je
hej, Džan-ko-je, džan, džan, džan.

אז מע פאָרט קיינ סעוואסטאָפּאָל,
איז ניט ווײַט פונ סימפעראָפּאָל,
דאָרטנ איז א סטאנציע פאראנ.
ווער דארפ זוכנ נײַע גליקנ?
ס'איז א סטאנציע אנ אנטיקל,
אינ דזשאנקויע, דזשאנ, דזשאנ, דזשאנ.

היי, דזשאַנ, היי, דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנווילי, היי, דזשאַנקויע,
היי דזשאַנקויע, דזשאַנ, דזשאַנ, דזשאַנ.

ענטפערט, ייִדנ, אפֿ מײַנ קאַשע,
ווו ז׳מײַנ ברודער, ווו ז׳אַבראַשע? —
ס׳גייט בא אימ דער טראַקטער ווי א באַנ.
די מומע לייע בא דער קאָסילקע,
ביילע בא דער מאָלאָטילקע,
איכ דזשאַנקויע, דזשאַנ, דזשאַנ, דזשאַנ.

היי, דזשאַנ, היי, דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנווילי, היי, דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנקויע, דזשאַנ, דזשאַנ, דזשאַנ.

ווער זאָגט, אז ייִדנ קאָנענ נאָר האַנדלענ,
עסנ פֿעטע יויכ מיט מאַנדלענ,
נאָר ניט זײַנ קיינ אַרבעטס־מאַנ?
דאָס קאָנענ זאָגנ נאָר די סאָנימ, —
ייִדנ, שפּײַט זיי אָנ איכ פּאָנעמ,
טוט א קוק אפֿ דזשאַנ, דזשאַנ, דזשאַנ.

היי, דזשאַנ, היי, דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנווילי, היי, דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנקויע, דזשאַנ, דזשאַנ, דזשאַנ.



# קאָרענעמ ברויט

*Moderato*

Ko - re - nem brojt ku - kn mir nit on, nor vej - ce - nem vi - ln mir pi - kn, ka - ve - nes tre - tn mir mit di fis, af kejn bul - bes vi - ln mir nit ki - kn. Oj, a caj - te - le, oj a cajt, mir ho - bn šojn ej - ge - ne mi - ln, af kejn brič - kes ve - ln mir nit fo - rn, nor af av - to - mo - bi - ln.

קאָרענעמ ברויט קוקנ מיר ניט אָנ,
נאָר ווייצענעמ ווילנ מיר פּיקנ,
קאווענעס טרעטנ מיר מיט די פיס,
אפ קיינ בולבעס ווילנ מיר ניט קוקנ.

אוי, א צײַטעלע, אוי, א צײַט,
מיר האָבן שוין אייגענע מילן,
אפ קיין בריטשקעס וועלן מיר ניט פאָרן,
נאָר אפ אווטאָמאָבילן.

קיין לעמפעלעך טשאדען שוין ניט מער,
עלעקטרע ברענט א מעכײַע,
מיר האָבן שײַערס פול מיט ברויט,
מיר האָבן הײַזער נײַע.

אוי, א צײַטעלע, אוי, א צײַט,
מיר האָבן שוין אייגענע מילן,
אפ קיין בריטשקעס וועלן מיר ניט פאָרן,
נאָר אפ אווטאָמאָבילן.



# אפ די פעלדער

*Moderato*

Af di fel - der, vu s've - jen vin - tn,
af di fel - der, vu s've - jen vin - tn, af di fel - der, vu
s've - jen vin - tn, di kol - virt - ni - ces sno - pes bin - dn.

אפ די פעלדער, ווו ס׳ווייענ ווינטנ,
אפ די פעלדער, ווו ס׳ווייענ ווינטנ,
אפ די פעלדער, ווו ס׳ווייענ ווינטנ,
די קאָלווירטניצעס סנאָפּעס בינדנ.

שווערע סנאָפּעס, פול מיט זאנגענ,
שווערע סנאָפּעס, פול מיט זאנגענ,
שווערע סנאָפּעס, פול מיט זאנגענ,
פול מיט מונטערע געזאנגענ.

אונ די זונ, זי ברענט ווי פײַער,
אונ די זונ, זי ברענט ווי פײַער,

און די זון, זי ברענט ווי פײַער,
יעדע שאָ איז פאַר אונדז טײַער.

ס׳האָט דאָס פעלד אונדז ברויט געגעבן,
ס׳האָט דאָס פעלד אונדז ברויט געגעבן,
ס׳האָט דאָס פעלד אונדז ברויט געגעבן,
פאַר דעם נײַעם שײנעם לעבן.



# באם קולאק אינ הארצנ ברענט

*Allegro*

Bam ku - lak in har - cn brent, s'iz zajn par - cef cun - ter- - rojt, ko - lek - ti - ver šnit cu end, un di ša - jers ful mit brojt. Ta ra ra raj ra ra ra ta ra ra raj ra ra ra, ta ra ra raj ra ra ra, ta ra ra ra! ———

באם קולאק אינ הארצנ ברענט,
ס'איז זײַנ פּארצעפּ צונטער רויט, —
קאָלעקטיווער שניט צו ענד,
אונ די שײַערס פול מיט ברויט.

רײַכ איז אונדזער גרינער סאָד,
פול מיט קראפט זײַנענ די הענט.

אוי, געוואלד, געוואלד, געוואלד,
באמ קולאק איז הארצ ברענט!

ס'איז די מעל שוינ אפגעמאלט,
אונ אפ ווינטער ברויט איז זעק,
ס'איז דאס ווייצ געווענ ווי גאלד,
אפ צולאכעס אלע שלעק.

איי, איי, איי, איי אונ איי, איי, איי!
ס'קרענקט דער באלעגופ איז שטוב,—
נאכ א שטאל אונ א בוהיי,
אונ א נייעמ דאכ דעמ קלוב.

אויסגעווייסט איז שטוב די ווענט,
אויסגעפוצט איז ווייב אונ קינד,
באמ קולאק איז הארצ ברענט—
זאל ער ברענענ אפנ ווינט!



# מיטוואָכ נאָכנ בוקער
















מיטוואָכ נאָכנ בוקער,
דאָנערשטיק נאָכנ פלוג,
פרײַטיק נאָכ דער באָראָנע,
שאבעס אינ קאָמיוג.

האָב איכ מיר א טאטנ,
שפאנט ער אײַנ די פערד,
אונ אפילע שאבעס
אקערט ער די ערד.

ס'גייט אראָפּ א רעגנ,
ווערנ פעלדער גרינ,
אונ א ווײַסינק שטיבּעלע
האָבּנ מיר אינ קרימ.

ס'גייט אראָפּ א רעגנ,
ווערט דער הימל ראָז,
ייִנגעלעכ אונ מיידעלעכ
וואקסנ אינ קאָלכאָז.



# יאָשקע, יאָשקע

*Allegro*

Još - ke, Još - ke špan dem lo - šek, zol er gi - xer loj - fn, zol er loj - fn, zol er fli - en i - ber a - le hoj - fn. Lo - mir a - le frej - lex zajn, vajl mir vej - sn nit fun kejn pajn, lo - mir a - le frej - lex zajn, vajl mir vej - sn nit fun kejn pajn.

יאָשקע, יאָשקע, שפּאַן דעם לאָשעק,
זאָל ער גיכער לויפֿן,
זאָל ער לויפֿן, זאָל ער פֿליִען
איבער אַלע הויפֿן.

לאָמיר אַלע פֿריילעך זײַן,
ווײַל מיר ווייסן ניט פֿון קיין פּײַן.

זאָל ער, זאָל ער, זאָל ער, זאָל ער
זײַן געזונט אַן אײַזן,
זאָל ער איבער פרײַע ערדן,
ווי אַן אָדלער שפּרײַזן.

לאָמיר אַלע פריילעך זײַן,
ווײַל מיר ווייסן ניט פון קיין פּײַן.

גיב אים היי און גיב אים האָבער,
וואַסער פון די קוואַלן,
זאָל ער וווינען, זאָל ער רוען
אין די שענסטע שטאַלן.

לאָמיר אַלע פריילעך זײַן,
ווײַל מיר ווייסן ניט פון קיין פּײַן.

יאָשקע, יאָשקע, ביסט אַ רײַטער
אין קאָלווירט דער בעסטער,
טראָגסט אַן אָרדען אויף די לאַצן,
ביסט אַ יאַט אַ פעסטער.

לאָמיר אַלע פריילעך זײַן,
ווײַל מיר ווייסן ניט פון קיין פּײַן.

יאָשקע, יאָשקע, שפּאַן דעם לאָשעק,
וועט ער וועט מיך טראָגן,
וועלן סאָנים, ווי די האָזן,
פון די פעלדער יאָגן.

לאָמיר אַלע פריילעך זײַן,
ווײַל מיר ווייסן ניט פון קיין פּײַן.



# שלאָפ, מײַנ זונ

*Moderato*

Šlof, majn zun, majn ta - jer fej - ge - le,
max di ej - ge - lex cu, vest nox cajt ho -
bn cu šti - fn, ic - ter šlof in dajn ru. *Fine*
Ix vel dir koj - fn šej - ne bik - se - lex,
mit a roj - tin - ker fon, du vest vak - sn
a ge - ro - te - ner, šlof, majn li - ber zun. *D. C. al Fine*

שלאָפ, מײַנ זונ, מײַנ טײַער פײגעלע,
מאכ די אײגעלעכ צו,
װעסט נאָכ צײַט האָבנ צו שטיפנ,
איצטער שלאָפ אינ דײַנ רו.

איך וועל דיר קויפֿן שיינע ביקסעלעך,
מיט אַ רויטינקער פֿאָן,
דו וועסט וואַקסן אַ גערעטענער,
שלאָף, מײַן ליבער זון.

שלאָף, מײַן זון, מײַן טײַער פֿייגעלע,
שלאָף־זשע, שלאָף־זשע אײַן,
וועסט אויסוואַקסן אַ גרויסער, אַ שיינינקער
און אַ פֿליִער זײַן.

וועסטו פֿליִען אין דער ווײַט אַהין
מיט דער זון באַגלײַך,
און איר וועט זיך ביידע גליקלעכע
שפּיגלען אינעם טײַך.

שלאָף, מײַן זון, מײַן טײַער פֿייגעלע,
מאַך די אייגעלעך צו,
וועסט נאָך צײַט האָבן צו שטיפֿן,
איצטער שלאָף אין דײַן רו.



# וויג־ליד

*Moderato*

Af cu š - fn hostu dox — a
gan - cn tog a groj - sn, — ic - ter,
kind majns, darf men šlo - fn, s'iz šojn naxt in
droj - sn, droj - sn. Šloft šojn lang di zun, — di le -
vo - ne iz uf - ge - gan - gen, — af dajn šti - ln
vi - ge - le — zaj-nen di šte - rn ce - han - gen.

אפ צו שטיפּנ האָסטו דאָכ
א גאנצנ טאָג א גרויסנ,
איצטער, קינד מײַנס, דארפ־מענ שלאָפנ,
ס'איז שוינ נאכט אינדרויסנ.

שלאָפֿט שוין לאַנג די זון,
די לעוואָנע איז אופֿגעגאַנגען,
אַף דײַן שטילן וויגעלע
זײַנען די שטערן צעהאַנגען.
אַליו, ליו, מײַן טײַערער,

ווער־זשע שוין אַנשלאָפֿן,
וועט די מאַמע דיר דערציילן,
וואָס האָט מיט איר געטראָפֿן.
ווי פֿון פּופּצן בין איך איינס,
בין איך איינס געבליבן,
געקוילעט זיבן האָט פּעטליורע,
אָרעל — די צווייטע זיבן.

ווי ס'האָבן זיך באַהאַלטן
דײַן באָבע מיטן זיידן,
ווי אין קעלער דאָרט בײַ אונדז
געשאָסן האָט מען ביידן.
און ווען די רויטע אַרמיי
זאָל ניט געווען קומען —
וואָלט פֿון מיר אויך, ווי פֿון זיי,
ניט געבליבן שוין קיין סימען.

ס'האָט מיך אַ קינדערהיים דערצויגן,
אַ בריגאַדיר בין איך שוין הײַנט,
און מיט שטאָלצקייט אַף מײַן האַרצן
לענינס אָרדען שײַנט.
אַליו, ליו, מײַן טײַערער,
שלאָף, דו ביסט נאָך קליין.
שפּעטער וועסטו אין לענינס־סטאַלינס
גוטע וועגן גיין.



# מאשינעס קלאפּנ

*Moderato*

Ma - ši - nes kla - pn, roj - šn, klin - gen,

a naj li - dl vel ix. zin - gen.

Mit a no - dl, on a no - dl nej ix mir be -

1 ko - ved go - dl. 2 ko - ved go - dl.

מאשינעס קלאפּנ, רוישנ, קלינגענ,
א נײַ לידל וועל איכ זינגענ.
מיט א נאָדל, אָנ א נאָדל —
ניי איכ מיר בעקאָוועד גאָדל.

א לידל זינגט דער נײַער נייער,
א שנײַדערס לידל פונ קאָנווייער.
מיט א נאָדל, אָנ א נאָדל, —
ניי איכ מיר בעקאָוועד גאָדל.

נייט־זשע, ווײַבער, נייט געשמאק,
א פּידזשאק נאָכ א פּידזשאק.
מיט א נאָדל, אָנ א נאָדל —
ניי איכ מיר בעקאָוועד גאָדל.



# קעגנ גאָלד פונ זונ

*Moderato*

Ke – gn gold fun zun gejt uf majn gold fun
vej – cn, ke – gn gold fun zun gejt uf majn gol – dn
glik. Na – je ho – ri – zon – – tn
ru – fn mix un rej – – cn, na – je li – der
zing ix ji – di – šer mu – žik.

קעגנ גאָלד פונ זונ גייט אופ מײַנ גאָלד פונ ווייצנ,
קעגנ גאָלד פונ זונ גייט אופ מײַנ גאָלדנ גליק.
נײַע האָריזאָנטנ רופנ מיכ אונ רייצנ,
נײַע לידער זינג איכ, ייִדישער מוזשיק.

גייט די ארבעט פריילעכ פונ גאנצפרי ביז אָוונט,
זונ איז מײַנ הודאָק, אונ פעלד איז מײַנ פאבריק.
נעכטנ שכײנימ ווײַטע — הײַנט שוינ אזוי נאָענט,
אוקראַינער פויער, ייִדישער מוזשיק.



# בּאלייטנ, בּאלייטנ

*Allegretto*

Ba - lej - tn, ba - lej - tn zaj - nen mir ge -
gan - gen jun - ge pri - ziv - ni - kes in ar -
mej, in ar - mej! Vi a roj - ter e - pl
iz di zun ge - han - gen, un ge - šprict mit
fun - ken hot der šnej, hot der šnej.

בּאלייטנ, בּאלייטנ זײַנענ מיר געגאנגענ
יונגע פּריזיוווניקעס אינ ארמיי, אינ ארמיי.
ווי א רויטער עפּל איז די זונ געהאנגענ,
אונ געשפּריצט מיט פונקענ האָט דער שניי, האָט דער שניי.

געגאנגענ, געכאזערט מירעלעס געזאנגענ,
זינגעוודיק אונ ליכטיק דאָס געמיט,

פריילעך האָבן וויַטן ווידערהאָלט די קלאַנגען,
אפן שניי געסקריפּעט האָבן טריט, האָבן טריט.

מירעלע באַלייט אונדז מיט ווערטער א מעכײַע,
ווי א שנירל פּערל אירע ציין, אירע ציין.
זײַ־זשע מיר געזונט, מײַן מירעלע, מײַן טרײַע,
צום כאָוועך וואָראָשילאָוו דאַרף איך גיין.



# צו ניקאָלקען מיט געוויין

*Allegro*

Cu Ni-kol-ken mit ge-vejn, klo-les i-nem ren-cl,
in der roj-tin-ker ar-mej gejt men mit a ten-cl.
So-nim šrekt zi, vej cu zej! Zol zej šrek far-ve-bn,
nor far undz iz di ar-mej lib vi un-dzer le-bn.

צו ניקאָלקען מיט געוויין,
קלאָלעס אינעם רענצל.
אין דער רויטינקער ארמיי
גייט מען מיט א טענצל.

סאָנים שרעקט זי, ווי צו זיי!
זאָל זיי שרעק פארוועבן.
נאָר פאר אונדז איז די ארמיי
ליב, ווי אונדזער לעבן.

סוינע טאָטשעט אונדזער אקס,
וויל מיט בלײַ אונדז שפּײַזן,

ווּ דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט,
דאַרף מען אים באַווײַזן.

היי, אַ זינג! אײנס און צוויי!
און דערלאַנג דאָס רענצל!
אין דער רויטינקער אַרמיי
גייט מען מיט אַ טענצל.



# מיר זײַנען שוין מיט מענטשן גלײַך

*Allegretto*

Mir zaj - nen šojn mit men - čn glajx, šojn cvan - cik
jor, mir zaj - nen fraj, mir zaj - nen rajx, šojn cvan - cik jor.
Tra la la la la la la la tra la ra la, aj, aj, aj,
tra la ra la la la la la, tra la la la la.

מיר זײַנען שוין מיט מענטשן גלײַך,
שוין צוואנציק יאָר,
מיר זײַנען פרײַ, מיר זײַנען רײַך,
שוין צוואנציק יאָר

די פעלדער זײַנען רײַך מיט ברויט,
שוין צוואַנציק יאָר.
ניטאָ קיין צאָרעס און קיין נויט,
שוין צוואַנציק יאָר.

מ׳איז אַלע גלײַך — דער רוס, דער ייִד,
שוין צוואַנציק יאָר.
מ׳איז אַלע גלײַך אָן אונטערשייד,
שוין צוואַנציק יאָר.

און רויִק שלאָפֿן מיר בײַנאַכט,
שוין צוואַנציק יאָר.
מיט אַלץ באַזאָרגט די ראַטנמאַכט,
שוין צוואַנציק יאָר.

## דאָברידען

*Allegretto*

## קאראהאָד

*Allegro scherzando*






# פריילעכס

*Allegro*

## פרײלעכס




## פרײלעכס






## גאס־ניגנ



# גאס־ניגון



## ניגון




## שטאָק





# גאס־ניגון



## סקאָטשנע




## אָט אזוי






## פון דער כופע

*Allegretto*

Fine

Da Capo al Fine

# זשאָקן

*Allegretto*





## האָפּקע



## בייגעלע

*Andantino*

Fine

Da Capo al Fine

## פריילעכס

*Allegretto*

Fine




## א וואָלעך

*Allegretto*




## פריילעכס

*Allegretto*

3

tr

3

Fine

tr

tr

Da Capo al Fine

# פריילעכס




# זשאָק






Da Capo al Fine

## אָליאנדרע

*Allegretto*



## כאָסיך




## פלעסקונ





## זײַ געזונט

*Andante*



## שער



# א גוטע נאכט



# ווערטער־דערקלערונגען

## צו דער ליד „אפּ בריי" (ז. 13)

זמאַנ — לערנ־סעמעסטער אינעם אַמאָליקנ ייִדישנ כיידער.

## צו דער ליד „בינ איכ מיר אַ שנײַדערל" (ז. 15)

בויר ע — באַשעפער (גאָט).

## צו דער ליד „כ'האָב דיר געזאָגט" (ז. 21)

אַדהײַנ ע — ביז איצט.

## צו דער ליד „דו ווערסט זײַנ אַ גוויר, מײַנ זשאַמעלע" (ז. 31)

אַ מויצ ע — די בראָכע אפּ ברויט. „מאַכנ אַ מויצע" — עפּעס אָפּעסנ.

## צו דער ליד „די באַלעבאָסטע גייט אַרײַנ" (ז. 32)

מאַקעס בכוירעס — בוכשטעבלעכ — דער טויט פונ די ערשטע קינדער. „ס'זאָל איר זײַנ מאַקעס בכוירעס" — זי זאָל האָבנ גרויסע אומגליקנ.

## צו דער ליד „אינדרויסנ גייט אַ דראָבנינקער רעגנ" (ז. 41)

רײַכטונג — רײַכקײַט.
פלאַכטלעכ — פלעכטלעכ (פאַר בייגל).
פאַר מײַנ סטאַלבנ — פונמײַנעטוועגנ (דײַטש: meinethalben).

## צו דער ליד „האַמאַוודיל ביינ קוידעש לעכויל" (ז. 51 — 50)

האַמאַוודיל בײנ קוידעש לעכויל — פונ די זמירעס (געזאַנגענ), וואָס רעליגיעזע ייִדנ פלעגנ זינגענ שאַבייסעוצאָכטס.

זאַרייענו — אונדזערע קינדער. — פונ די זעלביקע זמירעס.
וועכאַספײַנו — אונ אונדזער געלט. "
יוים פּאָנאָ — דער טאָג איז אַוועק. "

טאַם מאַלי פּונט! — פונעם שטייגער פונ די אַמאָליקע ייִדישע קרעמערלעכ. קעדיי אַרײַנ־צינעמנ אַ קוינע צו זיכ אינ קלייטל, פלעג דער קרעמער זיצנ לעבנ זײַנ קלייטל אונ שרײַענ צו די פאַר־בײַגייענדיקע קוינים: „טאַם מאַלי פּונט!", ד.ה. דאָרט, אינעם שכײנעסדיקנ קלייטל איז אַ קליינ פונטל — אַ פאַלשע וואָג.

## צו דער ליד „האמאווריל ביינ קוידעש" (ז. 53)

כאטויסײנו הו יימכויל, זארײנו ועכאספײנו יארבע קאכויל, וועכא־קויכאָווים באלײַלאָ — אונדזערע זינד זאָל ער פארגעבנ, אונדזערע קינדער אונ אונדזער געלט זאָל ער מערנ ווי זאמד אונ ווי די שטערנ בא דער נאכט. — א סטראָפע פונ די שאבײסענאכטיקע זמירעס (געזאנגענ).

האוודאָלע — א געפלאָכטענע וואקסענע ליכט, וואָס רעליגיעזע יידנ פלעגנ אָנצינדנ שאבײסע־נאכטס בעיײס זיי פלעגנ „מאכנ האוודאָלע" — ד. ה. זאָגנ א טפילע איבער א בעכער ווײַנ אָדער אנ אנדער געטראנק.

## צו דער ליד „דרײַ נייטערנס" (ז. 67)

מייער באלנעס — צדאָקע־פושקע. אפנ נאָמענ פונ מייער באלנעס. „געבנ אפ מייער באלנעס" — ארײַנוואַרפנ קליינגעלט אינ דער מייער־באלנעס־פושקע.

## צו דער ליד „מײַנ רוע־פלאצ" (ז. 70)

הייטער אופ — מונטער אופ, מאכ פרײלעכ.

## צו דער ליד „דער פרײַהײַטס־גײַסט" (ז. 77)

אומגעשיידנ — אָנ אונטערשייד.
מערדער־רײַכ — מערדער־לאנד.

## צו דער ליד „מײַנ לעצטע האָפענונג" (ז. 83)

טפיסע — טורמע.
פאלאסט — פאלאצ.

## צו דער ליד „אז ניקאָלײַ פאוולאָוויטש איז מיילעכ געוואָרנ" (ז. 95 — 93)

ניקאָלײַ פאוולאָוויטש — דער רוסישער קייסער ניקאָלײַ דער ערשטער (געקעניגט פונ 1825 י. ביז 1855 י.). אינגיכנ נאָכ זײַנ ארופטרעטנ אפנ טראָנ (אינ 1827 י.) איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ די גזיירע צו נעמענ רעקרוטנ בא יידנ.
מאָסקוויטער — א סאָלדאט.

## צו דער ליד „אסערעס האזאָהאָוו" (ז. 96)

אסערעס האזאָהאָוו, אסערעס אוואָנים — די צענ גילדענע רענדלעכ, די צענ איידל־שטיינער (געמיינט — דאָס געלט), מיט וועלכע דער גוויר פלעגט זיכ אויסקויפנ פונ דער רעקרוטשינע.

## צו דער ליד „נעבנ וואסער וואקסנ ביימער" (ז. 99)

דויפנ — אזא סאָרט בארנ (אוקר. дуля).

## צו דער ליד „אינ טויזנט אכט הונדערט פיר אונ זיבעציקסטנ יאָר" (ז. 102)

אינ טויזנט אכט הונדערט פיר אונ זיבעציקסטנ יאָר — אינ יאָר 1874 איז אינ צארישנ רוסלאנד אײַנגעפירט געוואָרנ די נײַע סיסטעם פונ אלגעמיינער מיליטער־דינסט.

## צו דער ליד „אינדרויסן גייט א רעגן“ (ז. 108)

פערווע לעגאָטע — די ערשטע לעגאָטע, וואָס האָט אין צארישן רוסלאנד באפרײַט פון מיליטער־דינסט די איינ־איינציקע זין בא עלטערן. פאקטיש פלעגט מען איינ־איינציקע זין פון אָרעמע עלטערן צונעמען אין מיליטער.

פאָניע גאנעוו — אזוי פלעגן ייִדן אָנרופן די צארישע רעגירונג.

## צו דער ליד „איך טו דיר א בריוועלע שרײַבן“ (ז. 119)

טנאָים — רעליגיעזער אָפּמאך־אקט בא א שידעך. אין דעם דאָזיקן אָפּמאך פלעגן אָנגעוויזן ווערן די אָפּגערעדטע באדינגונגען (טנאָים) צווישן די עלטערן פון כאָסן־קאלע. „טנאָים“ ווערט אויך אָנגערופן דער מאָלצײַט (די סימכע), וואָס מע פלעג מאכן לעקאָוועד דעם דאָזיקן אָפּמאך.

## צו דער ליד „דאָס פערצנטע יאָר“ (ז. 123)

קווורע — באערדיקונג, באגרעבעניש.

## צו דער ליד „דו מיידעלע, דו פײַנס“ (ז. 129 — 128)

טראָפּ — פּראָסטער יונג, גראָבער קאָפּ. (דײַטש: Tropf).

## צו דער ליד „מע זאָגט, אז א ליבע איז א קרענק“ (ז. 221).

טנאָים — זע דערקלערונג צו דער ליד „איך טו דיר א בריוועלע שרײַבן“ (ז. 119).

## צו דער ליד „איין קאָל, איין קאָל“ (ז. 253 — 252)

איין קאָל וויין — ניטאָ גאָר קיין ווײַן.

איין קאָל יאש — ניטאָ גאָר קיין בראָנפן.

## צו דער ליד „זונטיק בין איך ניט געוועזן אין כיידער“ (ז. 364)

ווײַהי ערעוו, ווײַהי וווּיקער יוים עכאָד — און ס'איז געוועזן אָוונט, און ס'איז געוואָרן פרי — איין טאָג. א פראזע פון ביבל, פון דער דערציילונג וועגן דער וועלט־באשאפונג.

ווײַהי ערעוו, ווײַהי וווּיקער יוים שייני — און ס'איז געוועזן אָוונט, און ס'איז געוואָרן פרי — דער צווייטער טאָג. פון דער זעלבער ביבלישער לעגענדע.

## צו דער ליד „ציג־ציגעצאפל“ (ז. 371 — 370)

האמויציי מעכאווי־רוי אָלאָוו האָרײַע — א פראזע פון טאלמוד, וואָס באטײַט, אז איינער וויל עפּעס ארויסבאקומען (מאָגט עפּעס) פונעם צווייטן, דארף ער געבן דערויף באווײַזן. די פראזע איז אבסאָליוט ניט פארבונדן מיטן טעקסט פון דער ליד און איז דאָ בלויז א גראם צו דער צווייטער סטראָפע.

בעמאָצע הוישײַנע ראבע — אין אָוונט, וואָס נאָך הוישײַנעראבע (הארבסט־יאָנטעוו).

בכאָר — ערשטלינג.

געלאָפן דער קויהען פון דוכן — „דוכן“ הייסט דאָס אָרט אין בעסמעדרעש, וווּ די קויהאנים דוכענען אין א יאָנטעוו־טאָג, ד. ה. זיי זאָגן א טפילע (געבעט), ווו זיי בענטשן די ייִדן.

טענדלערקע — א הענדלערן מיט אלטע זאכן.

פארן זאָנאָוו — פארן ווײדל.

מעיז געוועזן בעפאָנאָוו — איז ארויסגעטראָטן קעגן אים גלײַך אין פּאָנעם.

דיבעק — לויט א ווילדער רעליגיעזער אָבערגלויבעניש — א גילגל פון א זינדיקער נעשאָמע, וואָס גייט אריין אין א מענטשן און טוט אָפּ מיעסע מייסים.

קרישמע — א טפילע, וואָס רעליגיעזע יידן פלעגן זאָגן פארן לייגן זיך שלאָפן.

גוימל בענטשן — „גוימל" — דאנק־טפילע, וואָס מע פלעג זאָגן אין בעסמעדרעש באם אופ־רופן צו דער טוירע, ווען איינער איז געראטעוועט געוואָרן פון א סאקאָנע.

## צו דער ליד „דער רעבע זיצט און שוויצט" (ז. 373)

שכינע — גאָטס גייסט, גאָטס ליכט.

## צו דער ליד „פּאָרט דאָס כאָסידל (ז. 375)

ווי א הונט אין די ניין טעג — אין די ניין טעג, וואָס פארן טאָנעס (פאסט־טאָג) טישעבאָוו, פלעגן פרומע יידן ניט עסן קיין פלייש, די קאצאָווים פלעגן דאן ניט קוילען קיין בעהיימעס, און די הינט פלעגן זיין הונגעריק.

## צו דער ליד „ווען דו וואָלסט געווען" (ז. 377)

בוירע אוילאָם — דער וועלט־באשעפער (גאָט).

## צו דער ליד „וואָס פארשטייסטו, פילאָזאָף" (ז. 379)

כאָרעץ — שארפער מויעך, זייער קלוגער.

בילכידעס — איינער אליין.

## צו דער ליד „לאָמיר אלע זינגען" (ז. 381)

א זעמערל — א געזאנג.

לעכעמ לעעכויל, באָסאָר ווערעאָגים ועכויל מאטאמים — ברויט צו עסן, פלייש און פיש און אלע גוטע מייכאָלים.

געוויאָנזלטער הערינג — געוויכערטער הערינג.

## צו דער ליד „און העוועל איז האוואָלים" (ז. 384)

העוועל איז האוואָלים — אלץ איז נארישקייט.

## צו דער ליד „אמאָל איז געפּאָרן אפן יאם" (ז. 389)

באלנעס — דער, וואָס טוט אופ ווונדער.

ישמאכשעמאָם — אויסגעמעקט זאָל ווערן זייער נאָמען (א קלאָלע).

## צו דער ליד „אמאָל איז געווען א גרויסער גוויר" (ז. 405)

דאָגימלעכ — פישעלעך.

## צו דער ליד „עכאָד מי יוידייא" (ז. 407 — 406)

עכאָד מי יוידייא? עכאָד אני יוידייא — איינס ווער ווייסט? איינס וויס איך. אנטירע־ליגיעזע פּאראָדיע אפן געזאנג „עכאָד מי יוידייא", וואָס רעליגיעזע יידן פלעגן זינגען פייסעכ צום סיידער.

שנאיִמ מי יוידייא? שנאיִמ אני יוידייא — צוויי ווער ווייסט? צוויי וויס איך.

שלוישאָ מי יוידייא? שלוישאָ אני יוידייא — דריי ווער ווייסט? דריי וויס איך.

אַרבּאַ מי יוידייאַ? אַרבּאַ אַני יוידייאַ — פיר ווער ווייסט? פיר ווייס איך.
כאַמישאַ מי יוידייאַ? כאַמישאַ אַני יוידייאַ — פינף ווער ווייסט? פינף ווייס איך.

## צו דער ליד „פונוואַנען קומט איר“ (ז. 410)

באַראַבאָלעס — קאַרטאָפליעס (אוקר. бороболя).

## צו דער ליד „איז געווען אַמאָל אַ פּאַסטעכל“ (ז. 430 — 429)

אַדוינוי — מײַן האַר.

## צו דער ליד „אַ זעמערל“ (ז. 335)

אַ זעמערל — אַ געזאַנג.

כאַפּצי באַליילאָ — פּאַראָדיע אויף דער פּראָזע פונעם געזאַנג פון פּייסעכדיקן סיידער „ווײַהי באַכצי האַליילאָ“ (און דאָס איז געווען אין האַלבער נאַכט).

## צו דער ליד „קלעזמאָרימלעך מײַנע ליבינקע“ (ז. 436)

קוידעם האַמיסע — פאַרן טויט.

---

# אלעפבייז־רעגיסטער

# אינהאלט

## נויט, ארבעט און קאמף



## רעקרוטשינע — פריזיוו

## ליבע־לידער



## אפֿ כאַסענעס און סימכעס

## פאמיליען־שטייגער



## וויג־לידער



## קינדער־לידער



## הומאָר און סאטירע

## פאַרשיידענע



## סאָוועטישע פאָלקסלידער

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער — ש. קאָזינסקי

קינסטלערישער רעדאקטער — יו. יאכניס

טעכנישער רעדאקטער — ז. וואָרטמאנ

קינסטלערישע אויספאָרמירונג — ג. פריצקער

קאָרעקטאָר — כ. לייבאָוויטש



פאפיר 38—1/16 — 72 × 110 1/16 קג. 33 1/4 דרוק־בויגנ

אינ 1 פאפיר־בויגנ 96 000 דרוק־צייכנס.

טיראזש 2700 עקז. פארלאג נומ. Є-10.

9־טע פאָליגראפישע פאבריק גופ אונ קפ. קיעוו, רויטער פלאצ 2a,

באשט. נומ. 160. באפולמעכט. פונ הויפטליט נומ. 7402.

איבערגעגעבנ אינ זאצ — 1938 1/II.

אונטערגעשריבנ צומ דרוק — 1938 25/VI.

